# פון טראַן אויף דער תּליה

מ. האַרטמאַן

סעריע: פרוי און ליבע

# מאַטאַ — האַרי

# 25

פרייז 30 גראָשן

## מ. האַרטמאַן

# פון טראָן אויף דער תּליה

(מאַריע סטיוּאַרט)



פאַרלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק"

1930 וואַרשע

זעלטן צו טרעפן אין דער געשיכטע פון אייראָפּע אזא אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע און צוגלייך טראַגישע פרויען־געשטאַלט, ווי די שאָטלענדישע קעניגין מאַריע סטיוּאַרט. ארום איר לעבנס־געשיכטע איז אַנטשטאַנען א גאַנצע ליטעראַטור. די גרעסטע דיכטער פון דער וועלט, ווי שילער, סלאָוואַצקי, וואַלטער־סקאָט, אַלפיערי האָבן אויסגעוויילט איר טראַגישן לעבנס־וועג, אַלס טעמע פאַר זייערע ווערק. זי האָט געלעבט אין א צייט, וועלכע איז רייך געווען מיט אויסערגע־וויינלעכע היסטאָרישע מאָמענטן און זי אליין איז געווען דער צענטער, ארום וועלכן ס׳האָבן זיך אָפּגעשפּילט א סך היסטאָ־רישע געשעענישן.

שוין ביים סאַמע אָנהויב פון איר לעבן האָט זיך אָנגע־הויבן צו וועבן ארום איר א נעץ פון אינטריגעס, פּליאָטקעס, קנאה און שנאה. צוליב איר פּערזאָן זענען פאָרגעקומען מל־המות, זי איז געשטאַנען אין מיטן פון דעם קאַמף, וואָס האָט זיך אין זעכצנטן יאָרהונדערט צופלאַקערט צווישן די קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן.

אָבער נאָך אינטערעסאַנטער און צוציענדיקער איז איר לעבן דערמיט, ווייל זי איז געווען די שענסטע פרוי פון איר צייט. דער גורל האָט זי באַשאָנקען מיט אזא פּרעכטיקער, מאַ־יעסטעטישער שיינקייט, אַז די מענטשן פון איר צייט פלעגן זאָגן: „מיט איין שמייכל אירן קאָן זי פאַרדרייען דעם קאָפּ פון הונדערט מענער“. אָבער דער דאָזיקער שיינקייט האָט זי געמוזט ברענגען א סך קרבנות און דער גאָט פון ליבע האָט איר מער ליידן געגעבן, ווי גליק.

זי האָט געוואָלט הערשן אויפן טראָן און הערשן אין דער ליבע. אָבער סיי דער טראָן און סיי די ליבע זענען געווען די צוויי גרעסטע אומגליקן פאַר דער דאָזיקער פרוי. דאָס וואָס

איז פאַר אַנדערע געווען דער מקור פון גליק און געניס, האָט איר פאַרשאַפט ליידן און זי געטריבן אין די אָרעמס פון תלין, ווען זי האָט אָוועקגעגעבן איר קאָפּ. די נעץ פון רכילות און אינטריגעס האָט אַזוי פאַרפלאָנטערט איר לעבן, אַז דער טויט איז פאַר איר געווען, ווי זי האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, „די איינציקע אויסלייזונג, כדי צו באַפרייען זיך פון די ערדי־שע יסורים“.

## אָן ליבע.

דעם 13־טן אויגוסט 1548 זענען עטלעכע באַוואָפנטע שיפן צוגעשוווּמען צום פראַנצויזישן ברעג. אויף די שיפן איז געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג. פון אַלע זייטן האָט מען זיך גע־שטופּט צו אַ פּרעכטיק איינגעאָרדנטער קאַיוטע, וואו ס׳האָט זיך געפונען אַ זעקס יעריק מיידעלע מיט קלוגע, אָבער פאַר־וואונדערטע אויגן. ארום קינד זענען געזעסן עטלעכע דאַמען מיט הויכע פּריזורן און ביז צום האַלז פאַרשפּילעטע קליידער און געגלעט דאָס קינד איבער די בלאָנדע העריעלעך.

—מיר ווילן אָנקוקן די יונגע קעניגין! די יונגע קע־ניגין! — האָבן געשריגן די מאַטראָסן און זיך גענומען שטופּן צו דער קאַיוטע, וואו ס׳איז געזעסן דאָס זעקס יעריק מיי־דעלע און אַלץ אַרום באַטראַכט מיט פאַרוואונדערונג און טיילווייזער שרעק.

ס׳האָט זיך באַוויזן דער אַדמיראַל ווילעגניאָן, דער פי־רער פון דער עסקאַדרע, און שטרענג באַפוילן די מאַטראָסן, אַז זיי זאָלן זיך צוגיין אויף זייערע ערטער. דערנאָך איז ער אַריין אין דער קאַיוטע, איז צוגעגאַנגען צו דעם קליינעם מיי־דעלע און פאַר איר סאַלוטירט.

— מיר זענען שוין אין פראַנקרייך, — האָט ער דער־קלערט די פּרויען, וועלכע זענען דאָרט געזעסן, — ענדלעך איז אונז געלונגען צו אַנטלויפן פון ענגלישן פלאָט.

— צי זענען מיר שוין אויסער יעדער געפאַר, הער אַד־מיראַל? — האָט געפרעגט די דערציערין פון זעקס־יעריקן מיידעלע אַננאַ קענעדי.

— מיר זענען אין פּאָרט דומבאַרטאָן. דאָ אַהער וועלן שוין די ענגלענדער נישט קומען.

— זאָג אַ לויב צו גאָט, מערי, — האָט די דערציערין געזאָגט צום מיידעלע, — באַלד וועסטו זען דיין מוטער. קענסטו דיין מאַמען?

— איך האָב זי קיינמאָל נישט געזען, — האָט דאָס קינד געענטפערט און זיך פאַרטראַכט. דערנאָך האָט זי געפרעגט. — איך האָב אַ מאַמע?

— אודאי, אודאי, — האָט אננאַ קענעדי געגומען גלעטן איר ליבלינג איבערן קעפל, — זי איז אין פראַנקרייך און מיר וועלן זי באַלד זען.

דער אַדמיראַל האָט געגעבן אַ צייכן. מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט די אַנקערס, עטלעכע אָרקעסטערס האָבן געשפּילט דעם ענגלענדישן הימן און אַרומגערינגלט מיט עטלעכע דאַמען און הויכע אָפיצירן, איז דאָס קליינע מיידעלע אַראָפּ אויפן ברעג, וואו זי איז באַגעגנט געוואָרן מיט הורא־אויסגעשרייען פון עטלעכע באַטאַליאָנען פראַנצויזישע סאָלדאַטן.

ווער איז געווען דאָס דאָזיקע זעקס יעריקע קינד, וואָס מ׳האָט עס אָפּגעגעבן אזא כבוד? פאַרוואָס האָט מען דאָס דאָזיקע קליינע מיידעלע געמוזט פירן אויף אַן עסקאַדרע פון באַוואָפנטע שיפן? פון וואָס פאַר אַ געפאַר האָט מען דאָס קינד אַרויסגעראַטעוועט?

דאָס זעקס יעריקע מיידעלע, מאַריע סטיואַרט, איז געווען די טאָכטער פון שאָטלענדישן קעניג, יאַקאָב דער 5־טען. שאָטלאַנד איז אין זעכצנטן יאָרהונדערט נאָך געווען אַ באַזונדערע מלוכה און געווען אומאָפּהענגיק פון ענגלאַנד. אָבער די ענגלישע מלוכה האָט געפירט פאַרשידענע אינטריגעס, כדי צו באַקומען אין אירע הענט דאָס שאָטלענדישע לאַנד. יאַקאָב דער 5־טער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פראַנצויזין, מאַריאַ גיזע, וועלכע האָט געהערט דער קעמפנדיקער משפחה פאַרן קאַטאָליציזם. יאַקאָב האָט דעריבער געפירט אַ קאַמף מיט ענגלאַנד, וועלכע האָט זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון דער ניי אַנטשטאַנענער פּראָטעסטאַנטישער קירכע. אַזוי אַרום

זענען ביידע לענדער געווען אין שטענדיקן קרינס־צושטאנד.

די לאגע איז נאך מער געווארן פארשארפט נאך דעם פלוצלינגן טויט פון יאקאב דעם 5־טן. ווען מאריע סטיוארט איז קוים אלט געווען זיבן טעג איז איר פאטער געשטארבן. דאס עופהלע האט געמוזט איבערנעמען די קעניגלעכע קרוין; אזעלכע זענען געווען די טראדיציעס פון דער שאטלענדישער מלוכה. אבער אזוי ווי אן עופהלע קאן דאך קיין לאנד נישט פירן, האט די מאכט איבערגענומען א רעגענט ביז מאריע וועט ווערן פוליעריק. איצט האט ענגלאנד געוואלט אויסנוצן די געלעגנהייט, כדי צו באקומען די השפעה אויף שאטלאנד. און ווי ס׳איז געווען דער מנהג אין יענע צייטן, האט מען עס געקאנט דערגרייכן דורך... א קעניגלעכן שדוך. ווען די קליינע מאריע איז אלט געווען א יאר, האט מען שוין פון ענגלישן הויף געפאדערט, אז דער צוקונפטיקער מאן פון דער קעניגין זאל זיין דער ענגלישער קרוינפרינץ עדוארד. לכתחילה האט מאריעס מוטער געגעבן איר הסכמה, אבער דער שאטלענדישער פארלאמענט האט פארשטאנען, אז אזא שריט קאן האבן שווערע פאלגן פאר דער שאטלענדישער מלוכה און דעריבער אפגעווארפן דעם פארשלאג וועגן שידוך מיטן ענגלישן קרוינפרינץ. פארשטייט זיך, אז אין ענגלאנד איז מען אויף אזא חוצפה געווען שטארק אויפגעבראכט און די מלחמות צווישן די ביידע מלוכות האבן זיך נאך מער פארשטארקט. די ענגלענדער האבן פאר יעדן פרייז געוואלט פאנגען די יונגע קעניגין און זי בגוואלט פארקנסענען מיטן ענגלישן טראנספאלגער. מיט אזעלכע מיטלען האט ענגלאנד נאך אין יענע צייטן געזוכט צו פארשפרייטן איר הערשאפט.

ס׳איז נישט געווען קיין אנדער אויסוועג, ווי ארויסצופירן די זעקס־יעריקע קעניגין פון לאנד און זי אוועקפירן קיין פראנקרייך, אין פראנצויזישן הויף, וועלכער איז געווען קאטויליש און פריינטלעך געשטימט צו שאטלאנד, ווייל יאקאב דעם 5־טנס ווייב איז דאך געווען א פראנצויזין. דאס אנטלויפן איז טאקע פארגעקומען ביי זייער געפערלעכע באדינגונגען. דער פראנצויזישער פלאט האט ארויסגעשיקט א ספעציעלע עסקאד־

רע, כדי צו ברענגען די מינדעריעריקע קעניגין. דערביי האָט פראַנקרייך אויך געהאַט אַ כונה: חתונה צו מאַכן די שאָט־לענדישע קעניגין מיטן קרוינפּרינץ פון פראַנקרייך און אַזוי אַרום באַקומען דעם איינפלוס אויפן שאָטלענדישן טראָן. ווי ס'איז צו זען האָט די שידוכים־שפּיל געשפּילט אַ געוואַלדיקע ראָליע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון יענער צייט און נישט איין לאַנד האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין קנעכט־שאַפט אַזאַ מין געשלאָסענעם שדוך צווישן איין קעניגלעכן הויף און דעם צווייטן.

דאָס זעקס יעריקע בלאָנדע מיידעלע מיט די זוכנדיקע, פאַרוואונדערטע אויגן האָט געפונען אַ ברייטע אויפנאַמע אין דעם פראַנצויזישן קעניגלעכן הויף פון סען־זשערמען. דער קעניג פון פראַנקרייך איז דאַמאָלס געווען אַנרי דער צווייטער. זיין קלוגע פרוי פון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג, קאַטערינע מעדיטשי, האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דער שיינקייט פון דעם קליינעם מיידעלע. אַרום דעם קינד האָט זיך באַלד געבילדעט אַ קרייז פון הויף־דאַמען מיט דעם קעניגס שוועסטער בראש. די אַנטלאָפענע קעניגין פון שאָט־לאַנד האָט דאָ געפונען אַ זעלטענע געלעגנהייט צו אַנטוויקלען אירע גייסטיקע און פיזישע פעיקייטן. מיט איר דערציאונג האָבן זיך פאַרנומען די אָנגעזעענסטע הויף־דאַמען, זי האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער פון קעניג און פאַר איר האָט מען אויפגעבויט ספּעציעלע אַפּאַרטאַמענטן, וועלכע זענען באַדינט געוואָרן פון צענדליקער פאַזשן און לאַקייען.

אירע קינדער־יאָרן אויפן פראַנצויזישן הויף זענען אַדורך ליכטיקע און גליקלעכע. זי האָט נישט געוואוסט, אַז צוליב איר שלאָגט מען זיך, אַז צוליב איר זענען אַ סך מענטשן גע־הרגעט געוואָרן. זי האָט גענאָסן פון דער שפּע פון גליק, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ פון סען־זשער־מען. די מענטשן פון יענער צייט דערציילן, אַז דאָס איז גע־ווען דער פּרעכטיקסטער, געשמאַקפולסטער קעניגלעכער הויף פון גאַנץ אייראָפּע. ליבע, וויין און מוזיק זענען געווען טאָג־טעגלעכע געסט אין דעם פּאַלאַץ. בעלער און טענץ פלעגן פאַר־

קומען אלע אוונט. נישקשה, דאָס פאָלק האָט געצאָלט גענוג שטייערן און דער הויף האָט זיך דעריבער געבאָדן אין דעם וואונדערלעכסטן גלאַנץ און לוקסוס.

אָבער דער גרעסטער וואונדער, דער אמתער שטאָלץ פון קעניגלעכן הויף איז געווען די שאָטלענדישע יונגע קעניגין. צו דרייצן יאָר האָט שוין מאריע געהאַט אַ גרויסע צאָל פארע־רער און די הויף־דיכטער פון יענער צייט האָבן לכבוד איר גע־שאַפן סאָנעטן פול מיט ליבע פאַר איר שיינקייט. דער דיכ־טער ראָנסאר איז איינמאָל אריינגעקומען אין איר בודואַר און דערזען, ווי דאָס דרייצן יעריקע מיידל שטייט אַ האלב נאַ־קעטע פארן שפיגל און באַטראַכט אירע גאָלד־בלאָנדע האָר, וועלכע זענען אין אַ ברייטער כוואַליע אראָפּגעפאַלן אויף איר העלן לייב, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן אויפצובליען. ער איז אַזוי גערירט געוואָרן פון דעם דאָזיקן בילד, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און אויסגעשריגן:

— די מאַמע נאַטור האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ שיינע פרוי נישט באַשאַפן! אָ, געטלעכע קעניגין!

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל און נישט גע־פרווט צו פארדעקן אירע אַנטבלויזטע הענט און אַקסלען. די נאַטור האָט זייער פרי אויפגעוועקט אין איר די פרוי. דער שמייכל האָט איצט אויסגעדריקט אַ שטילן, באַהאַלטענעם באַ־גער, וועלכער איז נישט געווען אָנגעקליידט אין קיין שום שעמעוודיקייט. פון דעם דאָזיקן געפיל האָבן די פרויען אין קעניגלעכן הויף נישט געוואוסט. די ליבעס־אַרגיעס זענען געפראַוועט געוואָרן פראַנק און פריי און מאריע האָט אָפט גע־זען, ווי די הויפלייט קושן זיך עפנטלעך מיט די הויפדאַמען. אין מאריעס נשמה האָט אָנגעהויבן צו רופן די ליבע און ווען זי האָט איצט דערזען ראָנסארן אַזאַ באַגייסטערטן פון איר שיינקייט, האָט זי דערפילט אַ זיסע ווארעמקייט אין אירע גלידער, זי איז צו אים צוגעלאָפן און ארומגעוויקלט אירע הענט ארום זיין האַלז. דער אָרימער פּאָעט האָט זיך דער־שראָקן. ער האָט געוואוסט, אַז פאַר זיין פלירט מיט דער יונ־גער קעניגין קאָן ער באַצאָלן מיט זיין קאָפּ. און נישט קוקנ־



מאַריע סטיואַרט

דער פּאָרטרעט געפינט זיך אין דער גאַלעריע פון פירסט טשאַרטאָריסקי אין פּאַריז.

דיק דערויף, וואָס ער האָט געוואָלט ענטפערן אויף מאַריעס צערטלעכקייט, האָט ער דאָך נישט געוואָלט שטעלן אין קאָן זיין קאָפּ. ער האָט זיך שנעל ארויסגעריסן פון אירע אָרעמס און ארויסגעלאָפן פון בוידעם. מאַריע איז געבליבן שטיין מיט אראָפּגעלאָזטע הענט און נישט פארשטאַנען פאַרוואָס דער דיכטער איז אנטלאָפן. זי האָט בייז א טופּע געטון מיטן פוס און, אריינלויפנדיק צו איר דערציערין, קענעדי, האָט די דרייצניעריקע קעניגין א זאָג געטון:

— ער איז א חוצפּהניק, איך וועל אים שוין דערפאַר באַצאָלן.

— ווער מיין קינד?

—ראָנסאַר, דער פערזן־שרייבער.

— צי האָט ער דיר עפּעס שלעכטס געטון?

— איך האָב אים ארומגענומען און געוואָלט א קוש געבן, איז ער אנטלאָפן. איך וועל אים נישט שוויינגן.

אננא קענעדי האָט זיך צולאַכט און אויפגעקלערט, אז עס פּאַסט נישט פאַר א קעניגין זיך צו קושן מיט א געוויינלעכן דיכטער.

— דו ווייסט פאַרוואָס ער איז אנטלאָפן? — האָט זי געזאָגט, — ווען אימיצער פון הויף וואָלט דאָס געזען, וואָלט ראָנסאַר פאַרלוירן דעם קאָפּ.

— פאַר דיכטער און פּראָסטע לייט איז עס פאַרבאָטן,— פאַרגעס נישט, מיין קינד, אז דו ביזט די קעניגין פון שאָטלאַנד.

— איז דאָ אזוי שטרענג, אז פאַר א קוש פאַרלירט מען דעם קאָפּ? האָט מאַריע פאַרוואונדערט געפרעגט.

אָבער די יונגע קעניגין האָט געהאַט א האַרץ, ווי יעדע פרוי און זי האָט דערפון נישט געוואָלט וויסן און ווען זי האָט א צווייט מאָל געזען, ווי דער דיכטער שאַסטעלאַר קוקט איר נאָך מיט שמייכעלנדיקע אויגן האָט זי זיך צו אים דערנענטערט און דרייסט א זאָג געטון:

— נעמט מיך אויף דער האַנט, איר האָט אזעלכע געזונטע, שיינע הענט.

— איך וואָלט דאָס גערן געטון, — האָט שאַסטעלאַר געענטפערט, — אָבער אייער מאַיעסטעט ווייסט דאָך, אַז פאַר אַזעלכע זאַכן פאַרלירט מען דעם קאָפּ.

מאַריע האָט אים פאַר כעס אַ קלאַפּ געטון מיט אַ צווייגל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט און דערקלערט:

— אויב אַזוי, וועל איך מיר אויסזוכן אַ בעסערן פון אייך.

די הויפלייט האָבן אויף דעם יונגן, פּרעכטיקן וועזן געוואָרפן בליקן פול מיט ליידנשאַפטלעכן באַגער, אָבער נישט געקוקט אויף די פרייע באַציאונגען, וועלכע האָבן געהערשט אין פּאַלאַץ צווישן מאַן און פרוי, האָט קיינער פון די פירשטן און באַראָנען נישט געוואַגט אַפילו אָנצורירן דאָס יונגע מיידל, אין וועמענס נשמה ס׳האָט געבראַוזט דער חשק צו ליבע. אַלע האָבן געוואוסט, אַז מאַריע סטיואַרט דאַרף אינגיכן ווערן דאָס ווייב פון טראָנפאָלגער, אָבער אַמווייניקסטן געוואוסט דערפון האָט מאַריע אַליין, וועלכע האָט דערווייל געלערנט שפּראַכן, מוזיק, ליטעראַטור, האָט געלייענט די קלאַסיקער פון יענער צייט, איז געוואָרן רייף און אַזוי קלוג, אַז איר פעטער, דער קאַרדינאַל פון לאָטרינגען, האָט געזאָגט:

— מאַריע איז אַזוי קלוג, אַז זי גיט עצות דעם קעניג מיט דער קעניגין! אָפט פרעגן זיי ביי איר פאַרשידענע עצות.

צו פופצן יאָר איז מאַריע סטיואַרט געווען די קלוגסטע פרוי אויפן פראַנצויזישן הויף. מיט איר פלעגן שמועסן די מיניסטאָרן און קעניגלעכע יועצים און אירע עצות האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער קלוגע איינפאַלן. די נישט אויסגעגנצטע ליידנשאַפט האָט דערווייל געבראַוזט אין איר נשמה און זי האָט נישט איינמאָל זיך געשטעלט די פראַגע, פאַרוואָס אַנטלויפן פון איר די מענער. זי האָט געוואוסט, אַז פון איר שיינקייט פאַרלירן אַלע די קעפּ, אַז מ׳רעדט אומעטום וועגן אירע לענגלעכע, טונקעלע טאַפּאַזן־אויגן, וועגן איר בויגיקער, רייצנדער געשטאַלט, זי פלעגט אָפט דערהאַלטן בריוו, אין וועלכע אומבאַקאַנטע פאַרערער פלעגן פרייזן און לויבן איר שיינקייט. אָבער פאַרוואָס קומען זיי נישט צו איר? פאַר־

וואָס מיידן זיי אויס אירע צערטלעכקייטן! פאַרוואָס אַנט־לויפן זיי פון איר, ווען זי איז גרייט זיך אַוועקצוגעבן אינ־גאַנצן? זי איז געווען זייער קלוג, אָבער די סיבה פון דעם אַלעם האָט זי נאָך נישט פאַרשטאַנען.

אינגיכן איז אַלץ פאַר איר קלאָר געוואָרן, און אַ שוידער האָט זי אַרומגעכאַפּט, אָבער זי האָט דערפילט, אַז אַנטקעגנ־שטעלן זיך איז צוועקלאָז.

## דער סוף פון די גליקלעכע טעג

אַפּטמאָל איז מאַריען אויסגעקומען צו טרעפן אין הויף דעם קעניגס זון, פראַנסואַ. דאָס איז געווען אַ קרענקלעכער, בלאַסער יונגערמאַן מיט שטענדיק דערשראָקענע, האַלב תמע־וואַטע אויגן. זי פלעגט פאַר אים מורא האָבן און אויסמיידן זיין געזעלשאַפט. ווען איינע פון די הויפדאַמען האָט איר איינמאָל אויפן אויער אַ זאָג געטון, אַז פראַנסואַ וועט זיין איר מאַן, איז מאַריע אויפגעשפּרונגען און אויסגעשריגן:

— איך בין די שאָטלענדישע קעניגין, איר זאָלט מיך נישט וואַגן צו באַליידיקן! איך וועל מיך קלאָגן אויף אייך פאַר דער קעניגין.

מאַריע האָט בשום אופן נישט געוואָלט גלויבן, אַז אָט דער דאָזיקער קרענקלעכער, שטענדיק שווייגנדיקער בחור זאָל ווערן איר מאַן. די קלאַנגען, וועלכע זענען אָפּט צו איר דער־גאַנגען וועגן דעם, האָבן זי שטאַרק פאַרוואונדערט און זי האָט זיך איינמאָל געווענדט צו קאַטערינע מעדיטשי מיט פאָלגנ־דיקער פראַגע:

— איז עס אמת, אַז פראַנסואַ וועט אינגיכן נעמען אַ פרוי?

— יאָ, ס'איז אמת, — האָט די קעניגין געענטפערט, — מיין זון וועט אינגיכן מיט דיר חתונה האָבן און דו וועסט ווערן די צוקונפטיקע קעניגין פון פראַנקרייך. צי ווייסטו נישט דערפון?

מאַריע האָט אָנגעקוקט די קעניגין און אירע אויגן האָבן זיך ברייטער געעפנט. זי האָט געהערט אַ קלאָרע תשובה.

מען האָט בײַ איר נישט געפֿרעגט. דער ענין איז שוין געווען פֿון פֿאָרויס באַשטימט. מאַריע האָט געפֿילט, ווי אַ שווידער גייט אַדורך איבער איר לײַב, זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ס׳איז שווער געווען צו רעדן. זי האָט זיך געמוטשעט אַ ווײַל באַ־הערשן. קאַטערינע מעדיטשי האָט באַמערקט די ענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אויף מאַריעס געזיכט. און זי האָט גע־פֿרעגט:

— פֿרייסטו זיך גאָרנישט דערמיט, וואָס דו וועסט ווערן קעניגין פֿון פֿראַנקרײַך?

ניין, זי האָט זיך נישט געפֿרייט. וואָס פֿאַר אַ פֿרייד האָט געקאָנט זײַן פֿאַר דער נאָך ליבע־דורשטיקער, שײנער און לעבנסלוסטיקער מאַריע צו ווערן דאָס ווײַב פֿון אַ קראַנקן מעלאַנכאָליקער? דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט זי דערפֿילט די שווערע לאַסט פֿון גורל. זי האָט שווער אָפּגע־זיפֿצט און געענטפֿערט:

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז איך דאַרף ווערן דאָס ווײַב פֿון אײַער זון, קעניגין...

אין דעם דאָזיקן ענטפֿער איז געלעגן פֿאַרצווייפֿלונג און רעזיגנאַציע. מאַריע האָט געוווּסט, אַז יעדער פּרוּוו פֿון איר זײַט, אָפּצוזאָגן זיך פֿון דער חתונה מיטן קרוינפּרינץ, וועט בשום אופֿן נישט דערלאָזט ווערן. זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז זי איז געבראַכט געוואָרן אויפֿן פֿראַנצויזישן הויף, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד און דעריבער נישט געקאָנט וויסן צו וועלכן צוועק מען פֿירט זי אַהער. ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה, זי האָט געמוזט בויגן דעם קאָפּ. ערשט איצט איז איר קלאָר געוואָרן, פֿאַרוואָס אַלע מענער פֿון הויף האָבן זיך מורא געהאַט מיט איר צו באַגעגע־נען. זי איז דאָך אָפֿיציעל שוין געווען פֿאַרקנסט צו פֿראַנסואַ. קיינער האָט דעריבער נישט געוואַגט זיך צו דערנענטערן צו דעם טראָנפֿאָלגערס כּלה.

מאַריע האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט. אויף איר געלע־לעגער, כּדי אַננאַ קענעדי זאָל נישט דערהערן, האָט זי שטי־לערהייט געשלונגען די טרערן. צומאָרגנס האָט די דערציערין

געפרעגט פון וואנען מאריע האט אזעלכע פארוויינטע אויגן. מאריע האט געענטפערט, אז זי האט, אודאי, געמוזט וויינען אין שלאף. פון איצט אן האט זי זיך באמיט צו מאכן א פריי־לעכע מינע און קיינעם נישט ווייזן, וואס פאר א שווערער שטיין עס דריקט אויף איר הארץ. סיי ווי סיי מוז זי זיך אונטערגעבן דעם גורל, זאל־זשע איר שיינקייט נישט פאר־וועלקט ווערן, ווייל מאריע האט געהערט פון אננא קענעדין, אז קרענקונג איז דער גרעסטער שונא פון פרויען־שיינקייט.

דעם 24־טן אפריל 1558 איז אין דער נאטר־דאם־קירכע פון פאריז פארגעקומען די פייערלעכע חתונה צווישן מאריע און דעם טראנפאלגער פון פראנקרייך. עטלעכע וואכן זענען טאג טעגלעך פארגעקומען אין גאנצן לאנד פייערלעכע גאַ־טעם־דינסטן לכבוד דעם יונגען פאר. אבער דאס יונגע פאר האט זיך געפילט אומגליקלעך. דער קרענקלעכער פראנסוא האט צו זיין פרוי זיך באצויגן פולשטענדיק גלייכגילטיק און נישט געוואוסט אפצושאצן איר שיינקייט און קלוגשאפט. ווען זי פלעגט זיך געפונען מיט אים אליין, איז זי געווען שווייגנדיק און פלעגט מורא האבן צו קוקן אין זיינע אפענע, קעלבישע אויגן, וועלכע האבן געקוקט פאר זיך אן א ציל. זי האט געפילט אן עקל, ווען ער פלעגט טיילמאל מיט אן אומגע־לומפערטער באוועגונג זיך צורירן צו איר לייב... זי איז אבער געווען אן אנטלאפענע קעניגין, אין א פרעמדן פאלאץ און האט דעריבער אפילו הויך קרעכצן נישט געטארט. נישט איינמאל איז זי געווען גרייט צו פארלאזן דעם פאלאץ און אנטלויפן. אבער וואוהין און צו וועמען? ביסלעכווייז האט זי זיך צוגעוואוינט צו דער דאזיקער לאגע און באשלאסן צו געפינען פאר זיך א געהיימען ליבהאבער, ווי עס האבן געהאט א סך הויפדאמען.

און אט איז געשען א זאך, וואס האט מאריען געמאכט פארגעסן אן איר שווערער לאגע מיט דעם קרענקלעכן מאן. א צווייטע קראפט האט זיך אריינגעריסן אין איר לעבן, נאך א ליידנשאפט האט געפונען אן ארט אין איר נשמה: די ליידנשאפט צו הערשן, צו קיניגין! דעם 10־טן יולי 1559

איז געשטאָרבן אַנרי דער צווייטער און דעם טראָן האָט פֿאַר־
נומען מאַריעס האַלב אידיאָטישער מאַן. זי איז איצט געוואָרן
קעניגין פֿון פֿראַנקרייך און דאָס האָט איר זייער געשמייכלט.
זי האָט געפֿירט צוזאַמען מיט די מיניסטאָרן די רעגירונג אין
לאַנד, זי איז אָנגעזונד געווען אויף אַלע זיצונגען פֿון די קע־
ניגלעכע יועצים. איר מאַן האָט געהאַט בלויז דעם טיטל קע־
ניג, אָבער די פּראַקטישע הערשערין איז געווען די זיבעצניערי־
קע מאַריע. איר מוטער, מאַריע גיזע, האָט שוין געחלומט, אַז
די קעניגין פֿון פֿראַנקרייך און שאָטלאַנד, וועט אויך ווערן די
קעניגין פֿון ענגלאַנד, ווייל מאַריע סטיואַרט האָט אויך גע־
האַט פּרעטענזיעס אויפֿן ענגלישן טראָן.

די דאָזיקע חלומות זענען אָבער שנעל צעריסן געוואָרן.
דער קראַנקער קעניג איז כסדר געלעגן צו בעט. באַלד ווי ער
האָט אָנגעטון די קרוין, האָט ער אָנגעהויבן צו קרענקען און
אין אַ ווינטער־טאָג פֿון 6־טן דעצעמבער 1560 איז פֿראַנסואַ
געשטאָרבן. מאַריע סטיואַרט איז געבליבן אַן אַלמנה. די אַכצנ־
יעריקע, וואונדערפֿולע שיינהייט האָט זיך איינגעהילט אין
טרויער־קליידער. אָבער זי האָט איצט נישט געטרויערט נאָך
איר מאַן, וועלכער האָט ביי איר אַרויסגערופֿן נישט מער ווי
עקל, מאַריע סטיואַרט האָט איצט געטרויערט נאָך אַ פֿיל וויכ־
טיקערע זאַך, וואָס זי האָט פֿאַרלוירן — זי האָט געטרויערט
נאָך דעם פֿראַנצויזישן טראָן. מיטן טויט פֿון איר מאַן האָט
זי, לויט די געזעצן פֿון לאַנד, פֿאַרלוירן דאָס רעכט אויפֿן
טראָן. איצט איז זי שוין אויפֿן פֿראַנצויזישן הויף געווען אי־
בעריק. מ'האָט עס איר אַפֿילו געגעבן אָנצוזגעהערן. איר שווי־
גער, די קעניגין קאַטערינע מעדיטשי, האָט זי גערופֿן צו זיך
און געזאָגט:

— דער רעגענט פֿון שאָטלאַנד איז שוין געשטאָרבן, איצט
ביזטו שוין פֿוליעריק און דעריבער פֿעיק צו פֿירן דיין לאַנד.
פֿאָר, מיין קינד, אין דיין פֿאָטערלאַנד און רעגיר איבער שאָט־
לאַנד, ווי ס'האָט רעגירט דיין פֿאָטער.

— איך בין שוין דאָ צוגעוואוינט, איך האָב מיך דאָ דער־
צויגן ... — האָט מאַריע אָנגעהויבן צו דערקלערן.

— ניין, ניין, דו מוזט פאָרן! — האָט די קעניגין אי־בערגעריסן, — שאָטלאַנד טאָר נישט אריבער צו ענגלאַנד אין די הענט. אויב דו וועסט נישט צוריק פאַרנעמען דעם טראָן, וועט עליזאַבעטע, די ענגלישע קעניגין, פאַרכאַפּן דעם טראָן פון שאָטלאַנד.

— איך שרעק מיך אזוי צו פאָרן אין דעם ראַזיקן אומ־באַקאַנטן לאַנד, — האָט מאַריע טרויעריק געזאָגט, — ווען איך בין פון דאָרט אוועק, בין איך אלט געווען זעקס יאָר. איך געדענק קוים דאָס לאַנד, ס׳איז מיר פרעמד. מיין פאָטערלאַנד איז דאָך פראַנקרייך, איך האָב דאָ פאַרבראַכט מיינע יוגנט־יאָרן. פאַרוואָס זאָל איך דאָס ראַזיקע לאַנד פאַרלאָזן?

אָבער קיין שום געבעט, קיין שום איבערצייגן האָבן נישט געהאָלפן. קאַטערינע מעדיטשי האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַז מאַריע זאָל איבערבלייבן אין פראַנקרייך. מאַריע האָט גע־האַט צופיל דערפאָלג, אַז די קעניגין זאָל דאָס וועלן דולדן, די מענער פון הויף און אלע אדלליים האָבן ארויסגעוויזן מער אויפמערקזאַמקייט דער יונגער אַלמנה, ווי דער אַלמנה קאַ־טערינע מעדיטשי. מיט גרויס קנאה האָט זי געקוקט אויף איר שנור, וועלכע האָט איצט שוין אָן שום מורא זיך באַגעגנט מיט די הויפליים. זי האָט אין אַ שאַרפער פאָרם געזאָגט צו מאַריען, אַז זי מוז פאַרלאָזן דעם הויף.

— וועל איך לעבן, ווי אַ געוויינלעכע בירגערין, כדי צו קאָנען פאַרבלייבן אין פראַנקרייך, — האָט מאַריע געפּרוווט אַפּעלירן.

אָבער די קעניגין איז געווען איינגעשפּאַרט. מאַריע זאָל בלייבן אין פראַנקרייך און די הויפליים זאָלן האָבן די מעג־לעכקייט זיך מיט איר צו זען? ניין, דאָס טאָר נישט זיין! שטרענג האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— אזוי איז מיין ווילן — דו מוזט פאָרן!

דער ליידנס־וועג האָט זיך אָנגעהויבן. ווידער וועט זי געטריבן, זי מוז פאַרלאָזן, קעגן איר ווילן, דאָס אָרט, וואו זי האָט זיך דערצוינן, וואו זי האָט פאַרבראַכט אין דעם גרעסטן וואוילשטאַנד, גלאַנץ און פּראַכט און פאָרן אין אַ האַלב־ווילד

לאַנד, וואו עס הערשן פֿרעמדע פֿאַר איר מנהגים, וואו די באַ־פֿעלקערונג איז אַ פֿאַנאַטיש־פּראָטעסטאַנטישע און וועט זיך זיכער באַציִען פֿיינטלעך צו איר, וועלכע איז דערצויגן פֿרום קאַטויליש.

דעם 14־טן אויגוסט 1561 האָט אַ קאַרעטע פֿון קייזער־לעכן הויף אוועקגעפֿירט מאַריע צוזאַמען מיט אירע דאַמען און דינערשאַפֿט צום פֿראַנצויזישן האַפֿן אין קאַלע. אַ שווייגנ־דיקע איז זי געזעסן אין דער פֿאַרמאַכטער קאַרעטע און באַ־טראַכט די ברייטע פֿעלדער פֿון פֿראַנקרייך, פֿון דעם פֿראַנ־קרייך, וואָס איז געווען איר היימאַטלאַנד. ווען זי האָט זיך אויפֿגעזעצט אויף דער שיף, וואָס האָט זי געפֿירט קיין שאָט־לאַנד, האָט זי זיך נישט געקאָנט באַהערשן און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אַננאַ קענעדי האָט זי באַרואיקט, טרייסטנדיק זי:

געדענק, מערי, אַז דו פֿאָרסט אין דיין אייגן לאַנד. דו ווערסט הערשערין. דיך דערוואַרט גליק אויפֿן שאָטלענדישן טראָן. פֿאַרוואָס־זשע טרויערסטו?

— אָ, ליבע אַננאַ, — האָט מאַריע אויסגערופֿן, — איך ציטער, איך שרעק מיך. איך זע מיין צוקונפֿט אין אַזעלכע שוואַרצע פֿאַרבן. זע, ווי עס דערווייטערט זיך דאָס לאַנד פֿון מיין גליק, — האָט זי אָנגעוויזן אויפֿן ברעג, ווען די שיף האָט גענומען אָפּשווימען, — מיין האַרץ טוט וויי, ווי אַ געפֿאַנ־גענער פֿויגל.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ ליד, אין וועלכן זי האָט זיך געזעגנט מיט פֿראַנקרייך. אַננאַ קענעדי האָט זי נישט אויפֿגעהערט צו טרייסטן און געפּרוווט איבער־צייגן, אַז דאָס אייגנטלעכע גליק וועט זיך איצט אָנהויבן, אָבער מאַריע האָט געזאָגט מיט אַ טרויעריקער שטים:

— דער טראָן אין שאָטלאַנד וועט זיין דער סוף פֿון מיינע ליכטיקע טעג.

ווי זי וואָלט פֿאָרגעפֿילט, וואָס איר דערוואַרט, ווי זי וואָלט געזען פֿאַר זיך דעם אָנהויב פֿון דעם לאַנגן ליידנס־וועג, וואָס שטייט איר פֿאָר.

# די ערשטע ליבע

די פּראָטעסטאַנטישע באַפעלקערונג האָט איר קאַטוילי־שע קעניגין נישט אויפגענומען מיט דעם יובל, ווי מ׳פלעגט באַגעגענען אַ הערשער. קאַלט און אפילו פיינטלעך איז געווען די באַציאונג פון די שאָטלענדער צו מאַריע סטיואַרט. דער פי־רער פון דער פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג קנאָקס האָט אפילו עפנטלעך אגיטירט קעגן דער קעניגין און ווען מאַריע סטיואַרט האָט געוואָלט אָפּהאַלטן אַ גאָטעס־דינסט לויט די קאַטוילישע מנהגים, האָט זיך די באַפעלקערונג אַריינגעריסן אין דער קירכע און דערצו נישט צוגעלאָזט.

— מיין נביאות ווערט מקוים, — האָט מאַריע געזאָגט צו איר טרייער דערציערין.

— כדי דו זאָלסט זיך פילן זיכערער, — האָט קענעדי געעצהט, — לאָד איין דיין ברודער, אז ער זאָל דיר צוהעלפן רעגירן.

מאַריען איז דער פּלאַן געפעלן. איר ברודער, יאַקאָב סטיואַרט, איז געווען אַן אומגעזעצלעך קינד פון יאַקאָב דעם 5־טן. ער איז געווען זייער אַן ענערגישער און דעריבער האָט זי אים באַשטימט פאַר דעם מלוכה־קאַנצלער. זי האָט נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען אַ פּראָטעסטאַנט און אַ שאַרפער קעגנער פון דער קאַטוילישער רעליגיע. „ער איז מיינס אַ ברודער, איך דערהויב אים צו אזא הויכן אמט, וועט ער דאָך מיר זיכער דאַנקבאַר זיין און אויספירן אַלע מיינע וואונטשן", האָט מאַריע סטיואַרט געטראַכט. זי האָט אים גע־שאָנקען דעם טיטל גראַף מוריי און דער געוועזענער אומגע־זעצלעכער זון פון איר פאָטער איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גראַף מיט דעם טיטל מלוכה־קאַנצלער.

אָבער אָנשטאָט שלום צו מאַכן די באַפעלקערונג מיט דער קעניגין, האָט מוריי אָנגעהויבן צו פירן קעגן איר אינטריגעס. באַלד פון אָנהויב האָט ער אומצווייידייטיק אַרויסגעוויזן, אז ער וואָלט חשק געהאַט צו פאַרנעמען דעם טראָן און זי אַראָפּ־זעצן. מאַריע האָט אָבער ווייניק באַמערקט די מעשים פון איר ברודער. זי איז געווען צוגעוואוינט צו אַן אנדער לעבן, ווי

ס׳האָבן געלעבט די קאַלטע, טרוקענע שאָטלענדער, זי איז גע־קומען פון פראַנצויזישן הויף, וואו מ׳האָט געגאָסן פון לעבן מיטן פולן בעכער. מאַריע האָט דעריבער געפּראַוועט אָפטע בעלער, אין די זאַלן פון איר קעניגלעכן פּאַלאַץ אין דער שאָט־לענדישער הויפּט־שטאָט עדינבורג האָט מען אַלע אָוונט גע־טאַנצט. ס׳זענען געקומען צופאָרן אַ סך הויפדאַמען פון פראַנ־קרייך, וועלכע האָבן זיך פאַרבענקט נאָך מאַריע סטיואַרט. אַ סך זענען געקומען אויף איר ספּעציעלער איינלאַדונג. דער פּאַלאַץ אין עדינבורג, וואו ס׳האָט איצט געהערשט די שאָט־לענדישע קעניגין, האָט אינגאַנצן דערמאָנט דעם פראַנצויזישן הויף מיט זיינע בעלער, אָרגיעס און כלערליי פייערלעכקייטן. מאַריע האָט אַזוי אַרום געוואָלט פאַרגעסן אָן איר בענקשאַפט נאָך פראַנקרייך. זי האָט געוואָלט דערשטיקן אין זיך די מורא פאַר די ווייטערדיקע געשעענישן, ווייל זי האָט געזען, אַז די באַפעלקערונג איז קעגן איר. די מיאוסע שפּיל פון איר איי־גענעם ברודער, די אינטריגעס פון דעם גראַף מוריי האָט זי נאָך נישט באַוויזן צו דערזען.

אָבער אָט איז געשען אַ פאַקט, וואָס האָט מאַריען גע־עפנט די אויגן. זי האָט דערזען, אַז זי האָט אין איר אייגענעם ברודער אַ געפערלעכן קעגנער, קעגן וועלכן זי האָט זיך איצט שוין דערפילט מאַכטלאָז. דער דיכטער שאַסטעלאַר, וועמען מאַריע האָט אַמאָל געבעטן, אַז ער זאָל זי נעמען אויף די הענט, איז אין איר שטאַרק פאַרליבט געווען. אַ סך פון די ליבעס־בריוו, וועלכע מאַריע פלעגט דערהאַלטן, זענען געווען געשריבן פון אים. אַזוי לאַנג ווי מאַריע סטיואַרט איז געווען אויפן פראַנצויזישן הויף, האָט שאַסטעלאַר געמוזט שווייגן און שטיקן אין זיך די ליבעס־געפילן. איצט האָט ער זיך פאַר־בענקט נאָך „דער שענסטער פרוי אונטערן הימל“, ווי ער האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט, און געקומען צו פאָרן קיין שאָט־לאַנד.

— איצט בין איך גרייט אייך צו נעמען אויף מיינע הענט! — האָט ער אויסגערופן, ווען זי האָט אים אויפגענו־מען אין איר אוידיענץ־זאַל.

— דאָס איז אָבער אוממעגלעך, שאַסטעלאַר, — האָט זי געזאָגט מיט אַ ליבלעכן שמייכל, ביי וועלכן דער אָרימער, פאַרליבטער דיכטער איז ממש צוגאַנגען פון התפּעלות.

— פאַרוואָס ? — האָט ער געפרעגט.

— גאָר פּשוט, ווייל איך וויל נישט.

שאַסטעלאַר איז נישט אָפּגעטרעטן. ער פלעגט טאָג־טעג־לעך קומען אין קעניגלעכן פּאַלאַץ און זיך באַמיען צו זען מיט דער קעניגין. ער פלעגט אויפהויבן איר לאַנגע רויטע, סאַמע־טענע שלעפּע און זי קושן, ער פלעגט מיט ציטערנדיקע הענט זיך צורירן צו איר הויכן, ביז צו דער פריזור אויפגעשטעלטן קאָלנער (דער פּאָפּולערער מאַריע־סטיואַרט קאָלנער) און זיין גליקלעך בלויז דערפון אליין, ווייל צו אירע בלאַס־רויטלעכע באַקן האָבן זיך זיינע ליפּן נישט געטאָרט צורירן.

איינמאָל איז מאַריע געווען אַליין אין איר בודואַר. לויט איר שטענדיקער געוואוינהייט האָט זי באַטראַכט פאַרן שפּיגל איר האַלב נאַקעטן קערפּער, וועלכער האָט זיך איצט געפונען אין פולער בליאונג. פּלוצלונג האָט זי דערהערט אַ לייכטן שאָרך פון דער פּאָרטיערע. זי האָט זיך אומגעדרייט. אָנהאַלטנ־דיק זיך אָן דער פּאָרטיערע, מיט באַגייסטערטע, פאַרליבטע אויגן און אָן אויפגעריסן מויל איז געשטאַנען דער אָרימער שאַסטעלאַר.

— ארויס פון דאַנען! — האָט זי אַ געשריי געטון, — צי גיט איר זיך אָפּ אַ דין וחשבון, וואָס פאַר אַ חוצפּה דאָס איז?

שאַסטעלאַר איז אַנידערגעפאַלן צו אירע פיס און אָנגעהויבן צו קושן אירע פוסטריט. „געטלעכע, געטלעכע!" האָט ער געמורמלט.

זי האָט זיך אַ ריס געטון און אויסגערופן:

— גייט איר נישט תיכף ארויס פון דאַנען, מאַך איך אַ געוואַלד און דאַמאָלס איז אייער לעבן אין געפאַר!

— ווי קאָן איך אייך פאַרלאָזן, קעניגין, אַז מיין האַרץ רופט אייך און גייט אויס פאַר בענקשאַפט? — האָט ער

רחמים געבעטן און מיט א ליידנשאפט, וואס איז אים פלוצלונג באפאלן, האט ער ארומגענומען אירע פיס.

דאמאלס האט זי געמאכט א געוואלד. ס׳זענען געקומען צגלויפן די הויפדאמען און מוריי, וועלכער האט זיך גראד געפונען אין פאלאץ.

— דערשטעך דעם חוצפהניק! — האט מאריע זיך גע־ווענדט צו איר ברודער, — ער האט זיך אריינגעגנבעט אין מיין שלאפצימער.

— אן געריכט קאן איך קיין אורטייל נישט אויספירן! — האט מוריי רואיק און קאלט דערקלערט.

— צי האסטו אים דען נישט געכאפט ביים פאר־ברעכן? — האט מאריע געפרעגט — א געריכט איז דא איבעריק. ער דארף זיין שטראף באקומען אויפן ארט.

מוריי האט אבער דער קעניגין נישט געפאלגט. ער האט שאסטעלארן איבערגעגעבן אין געריכט, כדי אזוי ארום צו ווייזן דעם פאלק, אז די קעניגין נעמט אויף אין איר שלאף־צימער געליבטע. ס׳איז פארגעקומען אן עפנטלעכע געריכטס־פארהאנדלונג, אויף וועלכע מוריי איז ארויסגעטרעטן אלס עדות און באשולדיקער. ער האט דעם גאנצן ענין ארויסגע־טראגן פאר דער עפנטלעכקייט, כדי צו קאמפראמיטירן די קעניגין. מוריי האט זיין ציל דערגרייכט. די פרומע פראטעס־טאנטן האבן פארשאלטן די זינדיקע קעניגין, וועלכע קאן ברענ־גען מיט אירע עבירות אן אומגליק אויפן לאנד. שאסטעלאר האט פאר זיין ליבע טייער באצאלט. אין יאר 1563 האט ער געמוזט אוועקלייגן זיין קאפ אויף א קלאץ און דער תלין האט אים מיט איין קלאפ אפגעהאקט.

ערשט איצט האט זיך מאריע איבערצייגט, אז אין איר אייגענעם ברודער האט זי געפונען א געפערלעכן שונא. זי האט אים גערופן צו זיך און אפט מיט אים וועגן דעם גערעדט. מוריי האט דערקלערט, אז ער איז א פראטעסטאנט און מוז פארטיידיקן די אינטערעסן פון די פראטעסטאנטן. „זאג זיך אפ פון דיין קאטוילישער רעליגיע, וועסטו האבן אין מיר א גוטן פריינט“ האט ער געזאגט.

— דו וואנסט מיר אזעלכעס פאַרצוגלייגן, אומווירדי־קער? — האָט זי געשריגן, — איך האָב דיך דערהויבן צו דעם העכסטן אמט אין לאַנד און דו דינסט מיר דערפאַר אַזוי אָפּ?

— איך וועל האַנדלען, ווי מיר געפעלט, — האָט ער רואיק און זיכער געענטפערט.

— וועל איך דיך איבערגעבן צום תּלין אין די הענט! — האָט זי אויסגערופן.

— וועסט עס נישט וואַגן, — האָט ער גיפטיק גע־שמייכלט, — דו ווייסט דאָך, אַז דאָס פאָלק איז קעגן דיר, אַז דזשאָן קנאָקס שטראָפט דיך.

מאַריע האָט זיך געמוזט צוריקציען. זי האָט מיט איר אייגענע הענט זיך געשאַפן אַ שונא, וועלכן זי האָט איצט נישט געקאָנט פאַרניכטן. די שלאַנג, וואָס זי האָט אויסגעהאָ־דעוועט, האָט איר גופא פאַרגיפטעט, זי האָט אָבער גאָרנישט געקאָנט העלפן. און כדי צו פאַרגעסן זיך, כדי צו געבן אַן אויס־וועג איר ברויזנדיקער נשמה, וועלכע האָט נאָך ביז איצט נישט געגאָסן פון קיין ליבע, האָט זי ווייטער אײַנגעאָרדנט בעלער און הוליאַנקעס, טענץ און טרינקמאָלן. צענדליקער מע־נער האָבן געזוכט איר בליק, די הויפליט און אדלליים האָבן איר פאַרגעלייגט זייער ליבע. איר האַרץ איז געבליבן קאַלט צו זיי. און נישט בלויז אין שאָטלאַנד האָט מען זיך געיאָגט נאָך דעם האַרץ פון דער שיינער קעניגין. פון אַלע אייראָפּע־אישע הויפן האָט מען געשיקט שלוחים, כדי צו געווינען פאַר זיך די יונגע אַלמנה. מ׳שדכנט איר די קרוינפּרינצן פון שפּאַנ־יען, פּאָרטוגאַל און אַנדערע לענדער. מאַריע וואַרפט אָפּ מיט פאַראַכטונג די דאָזיקע פאָרשלאָגן. זי וויל שוין מער נישט חתונה האָבן אין די אינטערעסן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. זי בענקט נאָך רייכער ליבע. אָבער פאַרוואָס איז די צוויי און צוואַנציק יעריקע מאַריע אַזוי גלייכגילטיק צו די אַלע מענער, וואָס רינגלען זי אַרום? צי בענקט דען נישט איר האַרץ נאָך ליבע? די לעצטע איבערלעבונגען האָבן זי אַנגע־פולט מיט ווייטיק און זי פילט, אַז דער וואָס וועט פעיק זיין

דעם דאָזיקן ווייטיק צו פאַרניכטן און אָנצינדן אין איר נשמה אַ פרייד, דעם וועט זי ליב קריגן.

און נישט וויסנדיק אַליין פון וואַנען די דאָזיקע ליבע האָט זי פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט, ווי אַ שטורעם־ווינט, האָט זי זיך געוואָרפן טרונקען דעם דאָזיקן קוואַל פון העכסטן גליק. אויף איינעם פון די בעלער אין פּאַלאַץ איז געקומען מאַריעס אַ ווייטער קרוב, היינריך סטיואַרט, מיטן טיטל לאָרד דאַרליי. דאָס איז געווען אַ יינגצן־יעריקער, שלאַנקער בחור מיט אַ געזיכט פון אַ גריכישן גאָט. זיינע העלע, בלאָנדע האָר האָבן געשיינט אויף זיין קאָפּ, ווי אַ בינטל שטראַלן. ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָבן אירע לענגלעכע טאָפּאַזן־אויגן אָנגעהויבן צו ברענען און שוין האָט זי זיך געפונען נעבן אים און מיט אים געטאַנצט. אַלע האָבן זיך געוואונדערט, וואָס זי טאַנצט מיט אַ מענטש, וועלכער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אין פּאַלאַץ און ס׳איז תיכף פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז מאַריע סטיואַרטס האַרץ געהערט שוין צו דעם יונגען לאָרד דאַרליי.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דאַרליי געזעסן אין מאַריעס אויפנאַם־צימער און געהערט די באַגייסטערטע רייד פון דער קעניגין. ער האָט ווייניק וואָס פאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט. זי איז געווען קלוגער, געבילדעטער און אינטעליגענטער פון אים. פאַר איר איז די ליבע געווען אַ שטאַרקע און גרויסע איבערלעבונג. זי האָט אים דערציילט וועגן איר לעבן אין סען־זשערמען, וועגן די מנהגים אין פראַנצויזישן הויף. ער האָט זי אויסגעהערט און זיך געוואונדערט, צי וואָס זי דערציילט אים דאָס אַלץ. בכלל האָט ער זיך געוואונדערט פאַרוואָס די קעניגין שענקט אים אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט. זי איז אים טאַקע שטאַרק געפעלן, אָבער צי האָט ער דען געקאָנט גלויבן, אַז זי איז אין אים פאַרליבט? ער האָט אַפילו נישט געפילט דעם ציטער פון איר האַנט אין זיינע.

און ווען זי האָט אים אין אַ שטילן זומער־אָוונט, זיצנדיק אויף דער גרויסער טעראַסע פון איר פּאַלאַץ, מיט אַ בליק פול מיט באַגער אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן און לייכט אָנ־

געלענט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל, ערשט דאַמאָלס האָט דאַר־לײ דערפילט, אַז ער האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון, אַ נצחון, וואָס קיין איין מאַן האָט נישט אָפּגעהאַלטן. ער האָט זי אַרומגענומען און מאַריע האָט דאָס ערשטע מאָל דערפילט אַ הייסן, צאַפּלדיקן קוש אויף אירע ליפּן. דאַרלײ האָט זיך דערפילט גליקלעך, אָבער נאָך גליקלעכער איז געווען מאַריע, ווען אין עדינבורגער פּאַלאַץ איז געפייערט געוואָרן די חתונה צווישן דער קעניגין מאַריע סטיואַרט און דעם יינגען לאָרד דאַרלײ.

## דאָס קעניגלעכע אויפנאַם־צימער אין בלוט

די ערשטע חדשים פון מאַריעס צוזאַמענלעבן מיט איר מאַן האָבן איר געבראַנגט דאָס לאַנג געגאַרטע גליק. ווי אַ פּאַר־שיכורטע האָט זי זיך געוואָרפן אין דעם ברויזנדיקן טייך פון ליבעס־געניגס. אָבער אינגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די סימנים פון קעגנזייטיקן אומצוטרוי. קודם כל האָט זיך עס אַרויסגעוויזן ביים רעגירן מיטן לאַנד. דאַרלײ האָט זיך געריסן צו דער מאַכט, ער האָט געוואָלט דערליידיקן אַלע מלוכה־ענינים, ער איז אָבער געווען גייסטיק ווייניק אַנטוויקלט און נישט פאַרמאָגט די פעאיקייטן, וואָס מאַריע, דעריבער האָט ער באַלד לכתחילה אָנגעמאַכט גרויסע פעלערן און די קעניגין איז געווען געצוואונגען צו באַזייטיקן אים פון יעדע מלוכה־אַרבעט. צוליב דעם זענען פאָרגעקומען צווישן מאַן און ווייב אָפטע קריגערייען. דאַרלײ, וועלכער האָט פּלוצלונג באַקומען אַזאַ הויכע שטעלונג, האָט מיט אַלע מיטלען זיך געריסן צו דער מאַכט. ער האָט דערקלערט, אַז ער קאָן יאָ אָנפירן מיטן מלוכה־אַפּאַראַט און מאַריע האָט אים אין פאַרשידענע פאַלן באַוויזן, אַז ער איז דערצו נישט פעיק.

— דו ביזט מיין מאַן און נישט קיין קעניג! — האָט זי אים דערקלערט, — איך בין די קעניגין פון שאָטלאַנד און איך דאַרף פירן דאָס לאַנד. וואָלסטו געווען פעיק, וואָלט איך דיך זיכער צוגעלאָזט צו דער מלוכה־אַרבעט, אָבער דו פאַר־מאָגסט אַ סך ווייניקער פעיקייטן, ווי מיין פּריוואַט־סעקרע־טאַר ריטשיאָ.

— וואָס, ווי ריטשיאָ? אָט דער מיאוּסער הונט מיטן מאָפּסן פּנים! — האָט דאַרליי פּאַר כעס געקלאַפּט אין טיש אַריין. — אהא, איך פאַרשטיי שוין, זיין מיאוּס פּרצוף געפעלט דיר! נו, מיר וועלן שוין זען ווער ס׳איז מער פעיק! — האָט דאַרליי אויסגעשריגן און אַרויסגעלאָפן פון צימער.

דאַוויד ריטשיאָ איז שוין פון אַ לענגערע צייט געווען מאַריעס פּריוואַט־סעקרעטאַר. ער איז געווען זייער אַ סובטעלער און האַרציקער, האָט פּרעכטיק געשפּילט אויף אַ האַרפּע און אין מינוטן פון בענקשאַפט און רעזיגנאַציע, פלעגט מאַריע אים בעטן, אַז ער זאָל איר שפּילן אויף זיין אינסטרומענט. זיי פלעגן אָפט צווישן זיך שמועסן וועגן ליטעראַטור און קונסט, ווייל ריטשיאָ איז געווען אַן איטאַליענער און איז געווען אָנגעזאַפּט מיט די נייע שטרעמונגען פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע. ער האָט איר דערציילט פאַרשידענע נייעסן פון דעם גייסטיקן לעבן אין זיין פאָטערלאַנד, וואָס איז דאַמאָלס געווען דער צענטער פון מאַלעריי, סקולפּטור און מוזיק. ווען ריטשיאָ וואָלט נישט געווען אַזוי שרעקלעך מיאוס, וואָלט מאַריע זיכער זיך פאַרליבט אין אים. די לאַנגע שעהן פון די געשפּרעכן צווישן זיי ביידע, האָבן מאַריען געבראַכט אַ שטאַרקן גייסטיקן גענוס, און זי האָט זיך דעריבער באַמיט אָפט צו פאַרבּרענגען מיט דעם אינטעליגענטן איטאַליענער.

דאַרליי איז דעריבער געוואָרן אייפערזיכטיק. ער איז געווען זיכער, אַז זיין ווייב פאַרבּרענגט אינטים מיט ריטשיאָן. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט גלויבן, אַז צווישן מאַריען און דעם איטאַליענער איז פאַראַן בלויז אַ גייסטיקע נאָענטקייט. גלייכצייטיק האָט דאַרליי געוואָלט נקמה נעמען אָן מאַריען פאַר איר באַציאונג צו אים, פאַרן באַזייטיקן אים פון רעגירן. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט מאַריעס פאַרביסנסטע שונאים, מיט די אָנפירער פון די פּראָטעסטאַנטן, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען דער אכזריותדיקער רוטווען. דאַרליי האָט געוואוסט, אַז די קעניגין פילט גרויס אכטונג צו דעם איטאַליענער, האָט ער דעריבער באַשלאָסן אויספירן אַ שרעקלעכן נקמה אקט. רוטווען און דער

פּראָטעסטאַנט מאָרטאָן האָבן אים דעריין געדאַרפט צוהעלפן.

ס׳איז געווען אַ שיינער מאַי אָוונט, דער 8־טער מאַי פון יאָר 1566. אין מאַריעס אויפנאַם־צימער זענען געזעסן ריטשיאָ און די קעניגין. זיי האָבן גראָד פאַרבּרענגט אין אַ געשפּרעך וועגן די גרויסע איטאַליענישע קינסטלער מיקעל אַנדזשעלאָ און לעאָנאַרדאָ דאַווינטשי. דער זייגער איז געווען אַכט. דורך דעם אָפענעם פענסטער האָט זיך אַריינגעטראָגן דער פרישער ריח פון בעז און אַקאַציע־בּליעכץ. מאַריע האָט געבּעטן ריטשיאָן, אַז ער זאָל איר שפּילן אויף זיין האַרפע איינס פון די דורך אים אַליין געשאַפענע קאָמפּאָזיציעס. ריטשיאָ האָט גענומען שפּילן אַ שטילע, בענקענדיקע מעלאָדיע. אין אַ צווייט צימער איז געזעסן די גרעפין אַרגיל און זיך אויך איינגעהערט אין די קלינגענדיקע, צאַרטע טענער פון ריטשיאָס שפּיל.

פּלוצלונג האָט זיך אָוועקגעמאַכט די פּאָרטיערע און אין צימער איז אַריינגעקומען דאַרליי. ריטשיאָ האָט אינסטינקטיוו איבּערגעריסן דאָס שפּילן, אָבער מאַריע האָט אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— שפּילט ווייטער, ריטשיאָ, מיין מאַן איז אויך אַ מבין אויף מוזיק. זעצט דיך נעבן מיר, דאַרליי, — האָט זי זיך געווענדט צום מאַן, — וועסט הערן אַ שיינע איטאַליענישע קאַנצאָנע, וואָס אונזער פריינט האָט פאַרפאַסט.

דאַרליי האָט געשוויגן. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט, אָבער אַרויסגעוויזן אַן אומרואיקייט און אומגעדולדיקייט, וועלכע ער האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן. ריטשיאָ האָט ווייטער גענומען שפּילן. פון זייטיקן צימער איז אַריינגעקומען די גרעפין אַרגיל און געבּליבן שטיין אויף דער שוועל. מאַריע האָט אָנגעקוקט דאַרליים געזיכט און פאַרשטאַנען, אַז מיט אים איז עפּעס פאָרגעקומען.

— קאָן איך וויסן פון וואַנען עס שטאַמט דיין אומרו־איקער אויסדרוק? — האָט זי אים שטיל געפרעגט.

ער האָט אַ שמייכל געטון און גענומען אירע הענט אין זיינע און זיי נישט אַרויסגעלאָזט. זי האָט געפילט, ווי ער האַלט זיי פעסט צו. „האָט ער מיך פּלוצלונג אַזוי שטאַרק

ליב געקריגן?" האָט זי זיך געפרעגט. איידער זי האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, האָט זי דערהערט פעסטע טריט אויף די טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט צו אַ זייטיקן ארויסגאַנג פון פּאַלאַץ. זי האָט זיך אײַנגעהערט און דערקענט, אַז דאָס זײַנען טריט פון באַוואָפנטע לייט, אין שווערע פּאַנצערס.

— ווער קאָן דאָס זיין? — האָט זי אַ פאַרוואונדערטע אַ פרעג געטון דאַרלייען און געוואָלט אויפשטיין פון איר אָרט, אָבער דאַרליי האָט זי פעסט צוגעהאַלטן ביי די הענט.

— וואָס איז דאָס? — האָט זי מיט כעס אויסגעשריגן, — צי האַלטסטו מיר צו די הענט, כדי מיך צו קעפּן? לאָז אָפּ, משוגענער!

א שרעקלעכער חשד איז איר אַדורכגעפלויגן דורכן רעיון: אַ פאַרשווערונג! דאַרליי האָט צוזאַמען מיט אירע קעגנער געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף איר לעבן! זי האָט זיך מיט אַלע כוחות געריסן פון זיינע הענט, אָבער דאַרליי האָט זי פעסט צוגעהאַלטן און געלאַכט. ריטשיאָ איז געבליבן זיצן אַ צום טויט דערשראָקענער, די האַרפּע איז אים אַרויסגעפאַלן פון די הענט און אויסגעשריגן:

— גאָט, וואָס קומט דאָ פאָר?

די פאָרטיערע פון דער שמאָלער טיר צום זייטיקן ארויסגאַנג האָט זיך געגעבן אַ מאַך אַוועק. מאַריע האָט דערזען פאַר זיך אירע צוויי גרעסטע קעגנער רוטווען און מאָרטאָן אין גלאַנציקע פּאַנצערס באַוואָפנט מיט לאַנגע שפּיזן. זיי האָבן זיך מיט שווערע טריט דערנענטערט צום אָרט, וואו ריטשיאָ איז געזעסן און אים אָנגעכאַפּט ביים האַלז.

— וואָס ווילט איר פון אים, מערדער? — האָט מאַריע אויסגעשריגן, — איר זענט דאָך געקומען נאָך מיין לעבן! פאַררעטער! — האָט זי געשריגן צו דאַרליי, — איצט פאַרשטיי איך שוין דיין פּלאַן.

— אויף דער קעניגין וועלן מיר אונזער האַנט נישט לייגן, זי איז געזאַלבטע פון גאָט, אָבער אָט דעם מנוול וועלן מיר דאָ לענגער נישט לאָזן. דאָ איז נישט קיין אָרט פאַר אים!

— לאָזט אים לעבן! ער איז דאָך גאָרנישט שולדיק! —
האָט מאַריע געשריגן, — צי וועט איר נישט פאָלגן מיין קע־
ניגלעך באַפעל, איר אומווירדיקע?

ריטשיאָ האָט זיך אַרויסגעריסן פון רוטווענס הענט און
צוגעקראָכן צו מאַריעס פיס. קלאַמערנדיק זיך אָן איר קלייד,
האָט ער אַ פאַרצווייפלטער געבעטן:

— קעניגין, לאָז נישט אומקומען אַן אומשולדיקן
מענטש! ראַטעווע מיך!

רוטווען האָט מיט זיינע פעסטע הענט אַוועקגעשלעפּט
ריטשיאָן פון דער קעניגין און אַרומגענומען אַ שטריק אַרום
זיין האַלז. מאַריע האָט זיך ענדלעך אַרויסגעריסן פון דאַר־
ליים הענט. דאַרליי האָט זי געפּרוווט צוהאַלטן, אָבער זי איז
צוגעלאָפן צו די אָנפאַלער און געוואָלט אַרויסכאַפּן די שפּיז.
רוטווען האָט אָנגעשטעלט זיין שפּיז גלייך אויף איר ברוסט
און געזאָגט מיט אַן אייז קאַלטער שטים.

— מיר, פּראָטעסטאַנטן, וועלן נישט דערלאָזן, אַז די
קעניגין פון שאָטלאַנד זאָל פאַרראַטן איר מאַן מיט דעם דאָ־
זיקן אויסוואורף.

מאַריע האָט זיך צוריקגעצויגן. זי האָט איינגעזען, אַז
בעטן רחמנות ביי די דאָזיקע קאַלטע גזלנים איז אַן איבע־
ריקע זאַך. קיין שום באַפעל און דראָאונג וואָלט איצט אויך
נישט געהאָלפן. זי האָט דעריבער געוואָרפן אַ בליק פול מיט
פאַראַכטונג אויף דאַרלייען און זיך אַנידערגעוואָרפן אויף
דער ברייטער קאַנאַפּע, איינגעטוליעט איר פּנים אין די זיי־
דענע קישעלעך, כדי נישט צו קוקן אויף דער שוידערלעכע
סצענע.

אָבער די מערדער האָבן זייער קרבן פון צימער נישט
אַרויסגעשלעפּט. זיי האָבן געוואָלט, אַז מאַריע זאָל הערן
זיינע פאַרצווייפלטע הילפס־רופן, זיינע גסיסה־קרעכצן. רוט־
וועז און מאָרטאָן האָבן זיך געוואָרפן אויף ריטשיאָן און אים
גענומען שטעכן מיט זייערע שפּיזן. דער אומגליקלעכער האָט
גרויליק געשריגן, אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט קומען
מיט קיין הילף. די מערדער האָבן פון ריטשיאָס לייב געמאַכט

אַ זופּ, דורכשטעכנדיק אים זעקס און פופציק מאָל. דערנאָך האָבן זיי דעם טויטן קערפּער אַראָפּגעוואָרפן דורך די זייטיקע טרעפּ. מאַריעס גאַנצע אויפנאַם־צימער איז געווען באַגאָסן מיט בלוט. דאַרליי האָט זיך צוגעקוקט צו דער גאַנצער בלוטיקער סצענע און זיגעריש געלאַכט. דערנאָך איז ער צוזאַמען מיט די מערדער אַוועק, זאָגנדיק צו מאַריען:

— דאַרליי קאָן אויך עפּעס באַווייזן. ער איז נישט אַזאַ טויגעניכטס, ווי דו מיינסט.

מאַריע האָט אים נישט געענטפערט. אין איר מח האָט זיך שוין אויסגעאַרבעט אַ נקמה־פּלאַן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו דער טיר, כדי אַראָפּצוגיין אין איר שלאָפצימער. אָבער מיט שרעק האָט זי באַמערקט, אַז די טיר איז פאַרשלאָסן. זי האָט זיך דערנענטערט צו נאָך עטלעכע טירן. אַלע זענען געווען פאַרשלאָסן. זי איז געבליבן אַליין מיט דער גרעפין אַרגיל אין דעם מיט בלוט־באַשפּריצטן צימער. די מערדער האָבן מורא געהאַט פאַר איר באַלדיקער נקמה און האָבן זי דעריבער פאַרשלאָסן אויף אַ גאַנצע נאַכט, גלויבנדיק, אַז ביז אינדערפרי וועט זי אָן אַלעם פאַרגעסן.

אָבער מאַריעס כעס איז במשך פון דער דאָזיקער שלאָפלאָזער נאַכט נאָך מער געוואַקסן. זי איז געזעסן צוזאַמען מיט די גרעפין אַ שווייגנדיקע און קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. די גרעפין אַרגיל האָט כסדר געמורמלט, פאַרברעכנדיק די הענט: „דאָס איז דאָך שרעקלעך, שרעקלעך! דאָס קעניגלעכע צימער באַשפּריצט מיט אומשולדיק בלוט!“ מאַריע האָט געטראַכט וועגן נקמה און מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן אָנקומענדיקן טאָג.

## אין דער נעץ פון אַ נייער ליידנשאַפט

ס׳זענען פאַרביי עטלעכע טעג און דאַרליי האָט זיך נישט באַוויזן אין די אַפּאַרטאַמענטן פון דער קעניגין. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאַרליי און זיינע שותפים פּלאַנעווען עפּעס קעגן איר. מ׳האָט איר אויך איבערגעגעבן, אַז מוררייי האָט אויך געוואוסט וועגן ריטשיאָס דערמאָרדונג, אַז ער

האָט אפילו גענומען אונטער זיין שוץ די מערדער. זי האָט דעריבער גערופן צו זיך איר ברודער און געפרעגט:
— צי ווייסטו, אַז אין קעניגלעכן פּאַלאַץ איז אויסגע־פירט געוואָרן אַ מאָרד איבער אַן אומשולדיקן אין דער אָנ־וועזנקייט פון דער קעניגין, אַז איינער פון די מערדער האָט געדראָט דער הערשערין פון שאָטלאַנד מיט אַ שפּיז, צו־שטעלנדיק דאָס געווער צו איר ברוסט? צי ווייסט דערפון דער קאַנצלער פון מיין מלוכה?
— איך ווייס דערפון, אָבער איך האַלט, אַז דער דאָזי־קער ריטשיאָ האָט זיין שטראָף פאַרדינט, — האָט מוררייי געענטפערט, — איבעריקנס פאַרערט דער כבוד פון דער קע־ניגין, אַז די מערדער זאָלן נישט באַשטראָפט ווערן, ווייל זיי זענען באַגאַנגען אַ גרויסע טאָט.
— דערמאָרדנדיק אַן אומשולדיקן מענטשן? — האָט מאַריע אויסער זיך פאַר כעס אויסגעשריגן.
— זיי האָבן באַזייטיקט די גערעכטע איבערזוכט פון דיין מאַן.
יעדער ווייטערדיקער געשפּרעך איז געווען איבעריק. מאַריע האָט זיך שוין איצט געקאָנט איבערצייגן, אַז אין איר אייגענעם ברודער און מלוכה־מאַן פון איר רעגירונג האָט זי דעם פאַרביטערסטן שונא. זי האָט דעריבער מורריין גע־הייסן פאַרלאָזן איר צימער.
— איך וויל נישט ענטפערן אויף דיינע רייד. לאָז מיך אַליין! — האָט זי געזאָגט.
נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט זיך געפילט אַרומ־גערינגלט מיט אַזויפיל שונאים, צווישן וועלכע ס׳זענען אויך געווען איר ברודער און אייגענער מאַן, האָט זיך מאַריע אויף אַ מינוט נישט פאַרלוירן, זי האָט די הענט נישט אַראָפּ־געלאָזט און באַשלאָסן די געפלאַנטע נקמה אויסצופירן. זי האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז איצט מוז מען האַנדלען פאַר־זיכטיק און פלאַנמעסיק, אַיין נישט פאַרזיכטיקער טריט — און איר לעבן איז אין געפאַר.
און ווען דאַרליי האָט זיך באַוויזן אויפן פערטן טאָג

נאָכן מאָרד אין אירע אַפּאַרטאַמענטן און זי העפֿלעך באַ־
גריסט, ווי עס וואָלט גאָרנישט פֿאָרגעקומען, האָט זי אויך
נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן סימן פֿון כעס. פֿאַרקערט
זי האָט געשפּילט די ראָליע פֿון אַ שוואַכע, זיך פּיעשטשנ־
דיקע און גענומען זיך טוליען צו אים.

— ווייסט, מיין טייערער, אַז דו וועסט באַלד ווערן אַ
טאַטע פֿון אַ קעניגלעך קינד, — האָט זי אים אָנגעזאָגט די
בשורה.

ער איז אַזש געשפּרונגען פֿאַר פֿרייד פֿון דער דאָזיקער
ידיעה. ער האָט געוואוסט, אַז מיטן קומען פֿון אַ קינד אויף
דער וועלט וועט זיין הערשאַפֿט ווערן שטאַרקער, ווייל אויב
מאַריע צושיידט זיך מיט אים פֿאַרלירט דאָס קינד די ירושה־
רעכט אויפֿן טראָן, און מאַריע וועט דאָך דאָס נישט וועלן.
ער האָט זי דעריבער געגלעט איבער אירע שיינע באַקן און
געענטפֿערט מיט צערטלעכקייטן אויף אירע רייד פֿול מיט
ליבע און פֿרייד. דאַרליי האָט נאָך קיינמאָל נישט דערפֿילט
אַזאַ שטאַרקע ליבע צו זיין פֿרוי, ווי איצט. זי איז איצט גע־
ווען אַזוי אויסערגעוויינלעך שיין, אירע אויגן האָבן גע־
ברענט מיט אַזאַ וואונדערלעך פֿייער, אַז דאַרליי האָט זיך
דערפֿילט אומבאַהאָלפֿן. ער איז גרייט געווען אויסצופֿירן אַלע אירע באַפֿעלן און וואונטשן, און זעענ־
דיק איינמאָל, ווי ער געפֿינט זיך אינגאַנצן אונטער איר
איינפֿלוס, ווי ער גייט אויס נאָך אירע אומאַרמונגען און
צערטלעכקייטן, האָט זי געזאָגט:

— פֿאַרוואָס זאָלן מאָרטאָן און רוטווען נישט באַקומען
די שטראָף, וועלכע זיי האָבן פֿאַרדינט! איך וועל אַרויסגעבן
אַ באַפֿעל, אַז מען זאָל זיי קעפּן. דו מוזט אָבער ווירקן אויף
מוריי, אַז דער באַפֿעל מיינער זאָל אויסגעפֿירט ווערן. זאָג־
זשע, וואו געפֿינען זיך מאָרטאָן און רוטווען?

דאַרליי איז אַלץ גרייט געווען צו טאָן. ער האָט אויס־
געגעבן זיינע מיטהעלפֿער. זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן
דער געפֿאַר און זענען אַנטלאָפֿן פֿון שאָטלאַנד. דערוויסנדיק
זיך וועגן דעם אַלעם, האָט מוריי דערווייל מכלומרשט גע־

ענדערט זיין באַציאונג צו דער קעניגין און געבעטן, אַז זי זאָל אים מוחל זיין. איצט איז דער לאַגער פון מאַריעס אָפּע־נע שונאים געוואָרן קלענער, ווייל ס׳האָט געזען, אַז דאַרליי איז אויף דער זייט פון דער קעניגין. ביז איצט האָבן די פּראָ־טעסטאַנטן געהאַלטן דאַרלייען פאַר זייער שטיצפּונקט אין קאַמף מיט מאַריע סטיואַרט.

דערווייל איז מאַריע געוואָרן אַ מוטער. זי האָט געבוירן אַ זון, וועלכער איז אין יאָרן אַרום געוואָרן דער קעניג פון שאָטלאַנד און ענגלאַנד. אין שאָטלאַנד האָט ער געהאַט דעם טיטל יאַקאָב דער 6־טער, אין ענגלאַנד — יאַקאָב דער 1־טער. מאַריע האָט זיך צוריק דערפילט אַ גליקלעכע. זי איז געווען זיכער, אַז איצט וועט זי צוריק האַלטן אין צוים אַלע אירע פיינט. דאָס מוטערלעכע געפיל, וועלכע האָט איצט אין איר אויפגעוואַכט, האָט אָוועקגערוקט אין אַ זייט אַלע פּלע־נער, וועלכע זי האָט פון פריער צוגעגרייט. ס׳האָט זיך גע־קאָנט דוכטן, אַז איצט וועט שוין מאַריע רואיק הערשן אויפן טראָן, איינשטעלנדיק אַ גוטע באַציאונג מיט אירע קעגנער.

אָבער די ליבע האָט זיך אַריינגעמישט און אַלץ צו־שטערט. מאַריעס ליידנס־וועג האָט זיך ווידער אָנגעהויבן, כדי זיך שוין נישט צו ענדיקן ביזן סוף פון איר לעבן. דאָס נייע ליבעס־געפיל האָט איר אַזוי פאַרכאַפּט, אַז זי האָט נישט באַמערקט אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכער נעץ זי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט. דאָס שכרות פון דער נייער ליבע איז געווען געוואַלדיק שטאַרק און ווען מאַריע האָט זיך אויסגעניכטערט האָט שוין איבער איר קאָפּ געהאָנגען די שווערד פון פאַרניכ־טונג. דער גורל איז שוין געווען געחתמעט.

אין קעניגלעכן פּאַלאַץ פּלעגט אָפט קומען איינער פון די העכערע מלוכה־באַאַמטע, דער ריטערלעכער, שיינער און קלוגער לאָרד דזשעמס באָטוועל, כדי אָפּצוגעבן פאַר דער קעניגין פאַרשידענע ראַפּאָרטן. ער האָט געוואוסט, אַז צווישן דאַרליי און דער קעניגין קומען אָפט פאָר קריגערייען. גלייכ־צייטיק האָט ער מקנא געווען דאַרלייען, וועלכער האָט אַזוי לייכט געוואונען דאָס האַרץ פון דער קעניגין, אַזאַ נישטי־

קער מענטש, ווי דארליי זאָל זיין דער קעניגינס מאַן? פלעגט ער זאָגן, — דער לאָרד דזשעמס באָטוועל וועט נישט דער־לאָזן צו דער דאָזיקער חרפּה!" געמיינט האָט אָבער באָט־וועל אנדערש. ער האָט פּשוט געוואָלט געוואונען מאַריעס ליבע, כדי צוצוקריגן זיך צו דער מאַכט און דער קלוגער לאָרד האָט געוואוסט, אַז מאַריע סטיוּאַרט, וועלכע איז דער־צויגן געוואָרן אויפן פראַנצויזישן הויף, וועט לייכט זיך לאָזן פאַנגען אין זיין ליבעס נעץ. באָטוועל האָט דעריבער אָנגעהויבן צו שפּילן אַ ראַפינירטע, אויסגערעכנטע ליבעס־שפּיל. ער פלעגט קומען צו דער קעניגין אין זיין שענסטע מלוכהשע טראַכטן, מיט אַ גאָלדענע שווערד ביי דער זייט, מיט אַלע אָרדערס אויף דער ברוסט. ער האָט געהאַט שמייכלענדיקע, דורכדרינגלעכע אויגן, וועלכע פלעגן זיך באַמיען צו טרעפן גלייך אין דער קעניגינס האַרץ. קומענדיק אין פּאַלאַץ, פלעגט ער אַרויסזאָגן עטלעכע טרעפלעכע ווער־טער, וועלכע זענען דער קעניגין זייער געפעלן און זי האָט אים איינגעלאַדן אויף אַ פּריוואַטע אודיענץ צו זיך אין צימער. באָטוועל האָט ביסלעכווייז אַריינגעזאָגט אין איר נשמה דעם ליבעס־גיפט, טראָפּן נאָך טראָפּן און, פילנדיק אַז זיין קרבן געפינט זיך שוין אינגאַנצן אין זיינע הענט, זעענדיק, אַז אירע אויגן, איר בליק צערטלען זיין געזיכט, האָט ער איינ־מאָל געוואַגט אויף אַ דרייסט שריט, זייענדיק אָבער זיכער אין זיין דערפאָלג.

באָטוועל איז געזעסן אין דער קעניגינס פּריוואַט צי־מער און געוואַרט ביז זי וועט אַריינקומען. ווייסנדיק, אַז באָטוועל וואַרט אויף איר, וואָס מ'האָט איר נאָך פריער אָנגעזאָגט, איז זי אַריין אין איר בודואַר און געפּאָדערט, אַז די דינערין זאָל איר אָנטון די שענסטע קליידער. ווען באָט־וועל האָט זי דערזען, איז ער מיטגעריסן געוואָרן פון איר שיינקייט. אין דעם לאַנגן ווייסן קלייד פון זיידנס און דעם מאַנטל פון טייערן בראָקאַט, וועלכער איז געווען פאַרוואָרפן אויף אירע אַקסלען, אין דעם הויכן קאָלנער מיט שפּיצן און די פריזור פון אירע טונקל גאָלדענע האָר, אין וועלכע ס'האָט

אַרויסגעבליצט אַ פּרעכטיקער דיאַדעם פֿון דיזיקע בריליאַנטן, אין דעם אַלעם האָט זי אויסגעזען, ווי אַ לעגענדאַרישע מלכּה.

— ווייסט איר, מאַיעסטעט, אַז איך חלום איצט! — האָט ער געזאָגט, באַצויבערנדיק זי מיט זיין שמייכל.

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט און זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים. די דינערין, וועלכע האָט איר נאָכגעטראָגן די שלעפּע, האָט זי געהייסן אַרויסגיין.

— ווייל אין דער ווירקלעכקייט קאָן מען אַזעלכע שיינע פרויען, ווי איר זענט, מאַיעסטעט, נישט זען.

ער האָט באַטראַכט איר געזיכט, כּדי צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע ווערטער האָבן אויף איר איבערגעלאָזט. יאָ, ס׳איז געלונגען! איר ברוסט האָט זיך אָנגעהויבן צו הויבן אַרויף און אַראָפּ און די ליפּן האָבן נערוועאיש געציטערט. באַטוועל האָט זייער גוט געקאָנט די קונסט פון באַזיגן אַ פרוי, ער האָט זיך דעריבער אַ מינוט נישט געוואַקלט און דרייסט אָנגענומען איר האַנט און אַריינגעקוקט אין די אויגן. אַ מינוט האָבן זיי ביידע געשוויגן. זי האָט איר האַנט פון זיינע נישט אַרויסגענומען און ער האָט דייטלעך געהערט איר שווער אָטעמען און געפילט דאָס שנעלע קלאַפּן פון איר פולס.

און אָט איז געשען אַזעלכעס, אויף וועלכן ער, דער ראַפינירטער דאָן־זשואַן, האָט זיך אַליין נישט געריכט. מאַריע האָט צוגעמאַכט די אויגן און איר קאָפּ אַרויפגעלייגט אויף זיין ברוסט. ער האָט דערהערט אַ שטיל געוויין און שעפּטשן:

— איך האָב אייך ליב, באַטוועל! פאַרוואָס זענט איר אַזאַ שלעכטער?

די שאָטלענדישע קעניגין איז געוואָרן באַטוועלס שקלאַפין פון ליבע. באַטוועל האָט זיינס דערגרייכט. פון איצט אָן האָבן זיי אָפטער אָנגעהויבן צו פאַרברענגען. אין פּאַלאַץ האָט קיינער נישט געוואוסט וועגן מאַריעס ניי געפיל. מאַריע האָט אונטערן תּירוץ פון אָפּנעמען די מלוכהשע ראַפּאָרטן, פאַרברענגט מיט באַטוועלן גאַנצע שעהן אין איר

צימער און אים דערציילט וועגן דארליים פאלשקייט. באַט־וועל פון זיין זייט האָט מיט זיין שטאַרקער רעדנער־קונסט זיך באַמיט צו פאַרטיפן דעם תהום, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן מאַן און ווייב און טאַמער האָט ער געזען, אז מאַר־יע ענדערט איר באַציאונג צו דארליי, האָט ער אים קליין גע־מאַכט אין אירע אויגן, אויפגעוויזן, אז זי, מיט אירע פעאי־קייטן און שיינקייט האָט זיכער געדאַרפט האָבן אן אנדערן מאַן. אונטער באַטוועלס איינפלוס האָט זיך די פריערדיקע שנאה פון מאַריע צו דארלייען געשטאַרקט אויף אַזויפיל, אז זי האָט איינמאָל אָפן דערקלערט פאַר איר געליבטן:

— איך האָב באַשלאָסן מיט דארלייען זיך צו גטן. איך קאָן אים מער נישט פאַרטראָגן.

— אָבער דאָס איז דאָך אוממעגלעך, מיין טייערע (ער האָט איר שוין מער נישט געזאָגט מאַיעסטעט...), דו וואָלסט דאָך נישט געוואָלט, אז דיין זון זאָל פאַרלירן דאָס רעכט אויפן טראָן. אויב דו וועסט דיך גטן מיט דיין מאַן וועט יאַקאָב קיינמאָל נישט ווערן קיין קעניג.

— איך וויים עס, אָבער דארליי טאָר מער נישט זיין מיין מאַן. מיין מאַן דאַרף ווערן דער, וועמען איך האָב ליב!

— האָט זי געזאָגט און אים ארומגענומען, טוליענדיק זיך צו אים.

באַטוועלס האָפענונגען זענען מיט דער דאָזיקער דער־קלערונג נאָך מער געוואַקסן. ער האָט זיך פאַרטראַכט און פלוצלונג אַ זאָג געטון:

— הער, מאַריע, איך מוז אַוועקפאָרן אויף עטלעכע וואָכן, איך גלויב, אז דו וועסט דיך לייכט קאָנען באַפרייען פון דארלייען. האָב אָבער געדולד.

— איך פאַרשטיי דיך נישט, דזשעמס, — האָט מאַריע אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

— הם. — ער האָט געשוויגן אַ ווייל און באַמיט זיך צו געבן אַ שמייכל, — ס'וועט זיין גוט!

מאַריע האָט נישט באַוויזן אים איבערצופרעגן, וואָס ער מיינט. ס'איז אריינגעקומען אַ דינער און געמאָלדן, אז

דארליי וויל זיך זען מיט די קעניגין, ווייל ער פילט זיך קראנק. מאריע האט זיך שנעל געזעגנט מיט באטוועלן. אין זיינע אויגן האט זי דערקענט, אז באטוועל גרייט עפעס צו. וואס אזעלכעס האט זי נאך נישט געוואוסט.

## אַ הויז פליט אין דער לופטן

דארליי האט נאך אלץ נישט געוואוסט, אז מאריע איז באהערשט פון א ניי ליבעס־געפיל, ער האט אבער באַמערקט, אז איר באציאונג צו אים האט זיך פון א געוויסער צייט אן געענדערט. ער האט אנגעהויבן נאכפארשן און גע־קומען צו דער איבערצייגונג, אז מאריע טראגט זיך ארום מיט באהאלטענע פלענער. ער האט געפרואווט מיט איר רעדן, אבער זי האט אים געענטפערט, אז זיינע חשדים האבן קיין גרונט נישט.

— איך פיל, אז דו טראגסט דיך ווייטער ארום מיט א געדאנק פון נקמה. — האט דארליי געזאגט.

— דאס וואלט געווען שרעקלעך, ווען ס׳וואלט אמת געווען, — האט זי געענטפערט און געשמייכלט, איבער־צייגנדיק אים דערמיט, אז זי האט אים ווייטער ליב.

דארליי האט אבער נישט געקאנט באקעמפן דאס חשד־געפיל קעגן זיין ווייב, נישט געקוקט אויף אלע אירע פארזי־כערונגען, האט ער דאך באמערקט, אז אירע אויגן קוקן אים אן אנדערש, ווי אלעמאל. דער פריערדיקער דרייסטער און הוצפהדיקער דארליי האט מורא געהאט, אז זיין ווייב זאל אים נישט אפרוימען פון וועג אויף א געהיימען אופן. זיין חשד איז געוואקסן מיטן מאמענט, ווען ער האט זיך דער־וואוסט, אז באטוועל פירט געהיימע געשפרעכן מיט מאריען. אז די סיבה פון די דאזיקע געשפרעכן איז מאריעס ליבע צו באטוועלן, וועגן דעם האט דארליי נישט געוואוסט. ער האט בלויז געפילט, אז באטוועל איז אים א באהאלטענער שונא און דעריבער געווען זיכער, אז די געהיימע געשפרעכן האבן א שייכות צו אים. דארליי האט דעריבער זיין ווייב געזאגט א תירוץ, אז ער פילט זיך שלעכט און זי גערופן, כדי זי זאל

אים אויפקלערן ווענן וואָס זי שמועסט כסדר מיט באַטוועלן.
מאַריע האָט זיך צולאַכט און געזאָגט:

— ווי אייפערזיכטיק דו ביזט. איך מוז דאָך אויספירן מיינע פליכטן און אויסהערן באַטוועלס ראַפּאָרטן.

— איך בין נישט אייפערזיכטיק, מאַריע, ווייל כ׳ווייס, אַז דו פאַרראַטסט מיך נישט, — האָט ער דערקלערט, — אָבער צי קאָן איך נישט וויסן ווענן וואָס איר ביידע רעדט?

אירע אויפקלערונגען האָבן אים נישט איבערצייגט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיך געפינען וואָס ווייטער פון מאַריע, ווייל אַן אינסטינקטיוו געפיל האָט אים כסדר געזאָגט, אַז זי וויל פון אים פטור ווערן, ער איז דעריבער אָפּגעפאָרן צו זיין פאָטער קיין גלאַזגוי. אָבער דאָ איז ער קראַנק געוואָרן. ער האָט שטאַרק אָנגעהויבן צו בענקען נאָך מאַריע און געשריבן צו איר, אַז זי זאָל קומען.

דערווייל האָט באַטוועל אויסגעזוכט עטלעכע ענערגישע מיטהעלפערס, כדי אויסצופירן דעם פּלאַן, וואָס האָט אים געדאַרפט פאַרזיכערן אַ פולשטענדיקן נצחון אין זיינע שטרעבונגען. ער האָט זייער לייכט געקריגן אַזעלכע מיטהעלפערס און ווען דער גאַנצער פּלאַן איז שוין געווען אויסגעאַרבעט האָט ער צוגעשיקט צו מאַריען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אַלץ אָפן דערקלערט. מאַריע האָט זיך לכתחילה דערשראָקן. אָבער זי האָט איינגעזען, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. זי האָט אים געגעבן אַ שריפטלעכן ענטפער, אַז זי וואָלט געוואָלט אויסמיידן דאָס דאַזיקע שרעקלעכע, שוידערלעכע, וואָס באַטוועל גרייט זיך אויסצופירן. אירע בריוו, וועלכע באַטוועל האָט באַקומען, האָט ער באַהאַלטן אין אַ ספּעציעל קעסטעלע, כדי זיי זאָלן אַמאָל נישט אַריינפאַלן צו אימיצן אין די הענט. צוליב טעמים פון פאַרזיכטיקייט האָט באַטוועל געהאַלטן, אַז ער טאָר אַ געוויסע צייט נישט זיין אין עדינבורג.

ווען מאַריע האָט באַקומען פון דאַרלייען דעם בריוו, איז זי תיכף אַוועקגעפאָרן קיין גלאַזגוי. פיר טעג האָט זי פאַרבראַכט נעבן זיין בעט און אַרויסגעוויזן צו אים אַ גע־

פיל פון אן אמת פארליבטער פרוי. איר באציאונג צו אים איז איצט געווען אזא צערטלעכע און הארציקע, אז ער האט צוריק באקומען די זיכערקייט וועגן זיין ווייבס איבער־געגעבנקייט און געטריישאפט. „איך האב זי אומזיסט חושד געווען", האט ער געטראכט און געבעטן, אז זי זאל אים מוחל זיין אלע עולות, וועלכע ער איז קעגן איר באגאנגען.

— ווייסטו, פארוואס איך האב געלאזט דערהרגענען ריטשיאן, — האט ער געזאגט, צערטלענדיק זי, — ווייל איך האב דיך ליב געהאט, ווייל איך בין געווען אייפער־זיכטיק ביז משוגעת.

— קום, מיין טייערער, מיר וועלן צוריק אהיימפארן, — האט זי פארגעלייגט, — אונטער עדינבורג, וואו ס׳געפינט זיך די פעלד־קירכע, איז פאראן א הויז מיט א שיינעם גארטן ארום, דארטן וועסטו קאנען אפרוען און איך וועל שטענדיק קאנען זיין ביי דיר.

דארליי האט זיך מיט פרייד אנגעכאפט אן דעם פאר־שלאג און איז צוזאמען מיט מאריען נאך דעם זעלבן טאג אפגעפארן צוריק קיין עדינבורג. די רייזע האט געדויערט דריי טעג. דארליי איז גלייך אפגעפירט געווארן אין דעם שטילן הויז נעבן דער „פעלד־קירכע". דארטן האט מען פאר אים אויסמעבלירט עטלעכע צימערן, ס׳זענען אראפגעקומען עטלעכע צענדליג דינער. מאריע איז כסדר געזעסן נעבן זיין בעט און ווען דארליי האט זיך שוין געפילט בעסער און גע־וואלט ארויסגיין אביסל אין גארטן, האט זי אים דערפון אפ־געהאלטן און דערקלערט, אז ער טאר עס נאך נישט טון, ער מוז זיך אויסרוען. דארליי האט עטלעכע מאל באמערקט, ווי א דינער האט אריינגעברענגט פאר מאריען א בריוו, וועלכן זי האט שנעל באהאלטן, נישט לייענענדיק פריער.

— וואס איז דאס פאר א בריוו? — האט דארליי איינמאל געפרעגט.

— פון איינעם פון מיינע מיניסטארן. איך בין צופיל פארנומען מיט דיר, אז איך זאל אים איצט לייענען.

דארליי האט איר געגלויבט. נישט קוקנדיק אבער דע־

רויק, האָט זיך ווידער אַריינגעכאַפּט אין זיין נשמה אַ פונק פון חשד. ווער ווייסט? אפשר איז דאָס אַלץ אַן אָנשטעל?

דעם 9־טן פעברואַר 1567 האָט מאַריע פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג אין איבערריים ביי דאַרליים בעט. ער האָט געוואָלט אַראָפּ פון בעט, אָבער זי האָט אים נישט געלאָזט, אַרויסווייזנדיק דערביי אַזויפיל ליבע און צערטלעכקייט, וועלכע ער האָט נאָך קיינמאָל ביי מאַריען נישט געזען. ווען דער זייגער איז געווען עלף ביינאַכט און מאַריע האָט געזאָלט זיך לייגן שלאָפן אין דערבייאיקן צימער, האָט זי פלוצלונג דערקלערט:

— דו ווייסט, מיין טייערער, אַז איינע פון אונזערע הויפדאַמען האָבן היינט חתונה און איך מוז דעריבער באַלד אַפּפאָרן אין פּאַלאַץ?

דאַרליי האָט זי געבעטן, אַז זי זאָל ביי אים בלייבן, ווייל אים וועט זיין אומעטיק צו בלייבן אַליין, מאַריע האָט אָבער דערקלערט, אַז זי מוז גיין אויף דער התונה פון דער הויף־דאַמע. זי האָט אים אַרומגענומען און שטאַרק געקושט. זי האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון זיינע אָרעמס, אַזוי פעסט האָט ער זי אַרומגעהאַלזט און געטוליעט צו זיך.

— ווען קומסטו, מיין טייערע? — האָט ער געפרעגט.

— מאָרגן נאָכמיטאָג בין איך דאָ ביי דיר.

זי איז אַוועק. דאַרליי איז געבליבן אַליין. ער האָט אַריינגערופן דעם דינער און געבעטן אויסלעשן די ליכט. דאַרליי האָט געוואָלט שלאָפן, אָבער ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט איינשלאָפן. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז ער הערט פאַרדעכטיקע טריט אין גאָרטן. ער האָט נאָכאַמאָל אַריינגערופן דעם דינער און געפרעגט:

— גיב נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ מענטשן קריכן עס אַרום צווישן די ביימער?

אָבער דער דינער איז צוריקגעקומען מיט אַ דערקלע־רונג, אַז ער האָט קיין שום מענטשן נישט געזען. „זאָל מיר זיך עס האָבן אויסגעדוכט!" האָט דאַרליי געטראַכט און זיך איבערגעדעקט און ווידער האָט ער געהערט אַ שטיל פּיי־

פעריי, באַרוועסע טריט און דאָס קנאַקן פֿון צווייגן. „גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ מאָדנע חלומות איך האָב!“ — האָט ער זיך געפּרוּווט איינרעדן, אַז דאָס איז אַ חלום און ערשט אַרום איינס אַ זייגער ביינאַכט איז ער איינגעשלאָפֿן. דער גאַנצער גאָרטן איז איינגעהילט געוואָרן אין אַ געדיכטער פינסטערניש. אין הויז איז די דינערשאַפט שוין געשלאָפֿן. מ׳האָט נישט געהערט קיין שאָרך. בלויז דורך דער געדיכטער פינסטערנישׂ האָט מען געזען זיך דורכשלייערן עטלעכע מענטשלעכע געשטאַלטן, וועלכע זענען שנעל פאַרשווינדן געוואָרן.

צוויי אַ זייגער ביינאַכט איז די גאַנצע באַפעלקערונג פֿון עדינבורג אויפגעריסן געוואָרן פֿון שלאָף דורך אַ דונערנדיקן קנאַל. דערשראָקענע זענען אַלע אַרויסגעלאָפֿן פֿון די וואוינונגען. קיינער האָט נישט געוואוּסט וואָס ס׳איז געשען. ערשט אינדערפרי האָבן זיך אַלע עדינבורגער איינוואוינער דערוואוּסט, אַז דאָס הויז ביי דער „פעלד־קירכע“, אין וועלכן דאַרליי האָט זיך געפונען, איז אויפגעריסן געוואָרן אין דער לופטן. דורך וועמען? לכתחילה האָט קיינער נישט געוואוּסט ווער ס׳איז געווען דער אויספירער פֿון דעם דאָזיקן שרעקלעכן פאַרברעכן. אָבער ביסלעכווייז האָבן אַלע אָנגעהויבן צו מורמלען, אַז דאָ שטעקט מאַריעס האַנט, מאַריע האָט אומגעבראַכט איר מאַן, כדי חתונה צו האָבן מיט אַ צווייטן. מיט וועמען? אינגיכן האָט מען זיך וועגן דעם אויך דערוואוּסט. ס׳האָבן זיך געפונען עדות, וועלכע האָבן געזען באָטוועלן מיט עטלעכע מענטשן נעבן דער „פעלד־קירכע“. מ׳האָט דעריבער אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז באָטוועל האָט צוגעהאָלפן דער קעניגין אויספירן דעם שרעקלעכן פּלאַן.

## פֿון טראָן אין געפענגעניש

ווען מ׳האָט מאַריען אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה, האָט זי נישט אַרויסגעוויזן קיין שטאַרקע פאַרצווייפלונג. זי האָט דער עיקר באַפוילן, אַז מ׳זאָל גענוי אַרומזוכן דאָס אָרט

פֿון פֿאַרבּרעכן און האָט באַשטימט אַ גרויסע באַלוינונג פֿאַר כאַפּן די פֿאַרבּרעכער. ווי די אויספֿאָרשונג האָט פֿעסטגע־שטעלט איז דאַרליי צום ערשטן אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פֿון בעט אין גאָרטן און דאָרטן דערמאָרדעט געוואָרן. כּדי אָבער צו פֿאַררייבּן די שפּורן האָבּן די פֿאַרבּרעכער אויפֿגעריסן דאָס הויז מיט פּולווער, וועלכעס זיי האָבן אונטערגעלייגט אין קעלער.

אין לאַנד האָט זיך אויפֿגעהויבּן קעגן מאַריען אַ גע־וואַלדיקע אויפֿרעגונג. אַלע האָבּן אָנגעוויזן אויף באָטוועלן אַלס דעם דירעקטן שולדיקן אין פֿאַרבּרעכן. אָבער מאַריע האָט זיך אָפּגעזאָגט באָטוועלן אָוועקצוזעצן אויף דער באַ־שולדיקונגס־באַנק. „איך האָבּ נישט קעגן אים קיין שום באַ־ווייזן“, האָט זי דערקלערט, נעמענדיק אונטער איר שוץ דעם געליבּטן. דאָס גאַנצע לאַנד האָט אָבער געשריגן, אַז באָטוועל איז דער שולדיקער און אַרויסגעשטעלט עדות, וועלכע האָבּן דאָס דערוויזן. מאַריע האָט פֿון גאָרנישט געוואָלט הערן. דאַמאָלס האָט זיך דאַרלייס פֿאָטער געווענדט צום עדינ־בּורגער געריכט, אַז עס זאָל משפּטן באָטוועלן.

באָטוועל האָט זיך צום געריכט געשטעלט. ער איז גע־קומען אין געריכט אין זיינע ריטערלעכע קליידער, מיט דער גאָלדענער שווערד. אויף זיין געזיכט האָט זיך געשפּילט אַ שמייכל, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דאָס געריכט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך דער קעניגין, וועט אים נישט פֿאַרמשפּטן. און כּדי צו זיין זיכער אין באַפֿרייאונגס־אור־טייל, האָט מאַריע סטיואַרט באַשטימט אַ טריבּונאַל, וועל־כער איז באַשטאַנען פֿון באָטוועלס מיטהעלפֿערס. די זעלבּע, וועלכע האָבּן אים צוגעהאָלפֿן אויספֿירן דאָס פֿאַר־ברעכן זענען געווען זיינע ריכטער... פֿאַרשטייט זיך, אַז באָטוועל האָט געוואוסט וועגן דער דאָזיקער קאָמעדיע, דע־ריבּער האָט ער זיך אין געריכט געהאַלטן חוצפּהדיק און גע־לאַכט. דאָס געריכט האָט באָטוועלן דערקלערט אַלס אומ־שולדיק און ער האָט אַ טריאומפֿירנדיקער פֿאַרלאָזט דעם געריכט־זאַל.

מאריעס ליבע צו באָטוועלן איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי איז פעיק געווען אונטער זיין איינפלוס אָפּצוגעבן די גרעס־טע פארברעכנס. באָטוועל האָט זי איצט געהאַלטן אין דער צוים. ווען דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר האָט איר גע־עצהט איבערצוגרייסן מיט באָטוועלן, ווייל דאָס קאָן ברענ־גען פאַטאַלע פאָלגן פארן טראָן, דאָס פאָלק איז אויפגע־בראַכט און איז איבערצייגט, אַז באָטוועל איז דאַרליים מער־דער, האָט מאַריע שווער אָפּגעזיפצט און געענטפערט:

— איך ווייס עס, אָבער צי קאָן איך דען ארויסרייסן דאָס האַרץ פון מיין ברוסט און עס ארויסוואַרפן דורכן פענ־סטער? איך בין גרייט צו גיין מיט באָטוועלן אויפן עק וועלט, איך בין גרייט צו ווערן זיין שקלאַפין.

— וואָס רעדט איר, מאַיעסטעט? — האָט זיך דער אַמבאַסאַדאָר געוואונדערט. — אַ קעניגין קאָן זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס אַזוי שטאַרק צו ליבן. דאָס ברענגט שאָדן די אינטערעסן פון טראָן.

— איך בין גרייט אויף אַלע קרבנות. — איז געווען דער ענטפער.

אַן אמתער שטורעם איז געוואָרן אין לאַנד, ווען מ׳האָט זיך דערוואוסט, אַז באָטוועל האָט אויף אַ מאָרגעם אופן פארשלעפּט די קעניגין צו זיך, אין זיין שלאָס דענבאַר. אַלע האָבן אויף פארשידענע אופנים אויסגעטייטשט די דאָזיקע ידיעה. פאַקטיש אָבער איז דאָס געווען אַ מכלומרשטער אָנ־פאַל, כדי צו קאָנען חתונה האָבן מיט מאַריען.

ווען די קעניגין האָט איינמאָל שפּאַצירט מיט איר סוויטע אין וואַלד ביי עדינבורג, האָט זיך פון דערווייטנס באַוויזן באָטוועל מיט עטלעכע צענדליק באַוואָפנטע מאַן. די הויפדאַמען האָבן אָנגעהויבן צו וויינען און ספּאַזמירן, אָבער מאַריע האָט זיי בארואיקט, אַז ס׳וועט גאָרנישט גע־שען. באָטוועל האָט ארומגערינגלט די סוויטע און באַפוילן אַלעמען צו שווייגן. ער האָט ארויפגעזעצט די קעניגין אויף זיין פערד און איז מיט איר אַוועקגעריטן אין זיין שלאָס. דאָס איז געשעו דעם 24־טן אַפּריל 1567, צוויי חדשים נאָך

דאַרליים טויט. אָבער נאָר אינגיכן האָבן זיך אַלע איבערגע־צייגט, אַז דאָס איז געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך, ווייל אין עטלעכע טעג אַרום איז מאַריע צוריקגעקומען קיין עדינבורג און האָט דערקלערט פאַר די הויפּלייט, אַז דאָס האָט באָט־וועל זי גענומען געפאַנגען, ווייל ער איז שטאַרק פאַרליבט אין איר און דעריבער האָט זי באַשלאָסן מיט אים חתונה צו האָבן.

— דריי חדשים נאָך דיין מאַנס געהיימניספולן טויט גייסטו חתונה האָבן? — האָט מוריי זיך געוואונדערט — און מיט וועמען? מיט דעם, אויף וועמען דאָס פאָלק מור־מעלט אַז ער איז געווען דער מערדער פון דיין מאַן?

קיין שום איבערצייגנדיקע ווערטער האָבן נישט גע־ווירקט. מאַריע האָט געוואוסט, אַז זי פאַרפּלאָנטערט זיך אין אַ שרעקלעכער נעץ, אָבער זי האָט נישט געקאָנט מנצח זיין דאָס שטאַרקע געפיל צו באָטוועלן. נישט געקוקט אויפן פּראָ־טעסט פון אַלע לאָרדן און מיניסטאָרן, האָט מאַריע דעם 15־טן מאַי, אין דריי חדשים אַרום נאָך דאַרליים טויט, חתונה גע־האָט מיט זיין מערדער. און הגם זי איז געווען אַ הייסע קאַ־טאָליקין, איז אויף באָטוועלס פאַרלאַנג די חתונה פאָרגע־קומען אין אַ פּראָטעסטאַנטישע קירכע. מאַריע האָט אפילו אַ גאַנצן טאָג פאַר דער חתונה געוויינט, אַז זי וועט די חרפּה נישט איבערלעבן, אָבער דאָך האָט זי צוליב געטון איר גע־ליבטן.

באָטוועל האָט זיינס דערגרייכט. ער איז געוואָרן דער מאַן פון דער שאָטלענדישער קעניגין און אָנגעהויבן צו רע־גירן איבערן לאַנד. מאַריע האָט אים אַלץ איבערגעגעבן, די גאַנצע מאַכט, דאָס רעכט אונטערצושרייבן אַלע מלוכה־דאָ־קומענטן, אַרויסצוגעבן באַפעלן און אָנצופירן מיטן מיליטער. דער פאַקטישער הערשער פון לאַנד איז איצט געוואָרן באָט־וועל. נעבן אים איז געזעסן די קעניגין און געבעטלט ליבע. ס׳זענען געווען מינוטן, ווען מאַריע האָט זיך איבערצייגט, אַז באָטוועל האָט נישט געזוכט איר ליבע, נאָר איר הויכן טיטל, דעם טראָן. ס׳איז אָבער געווען פאַרפאַלן. דער דאָזי־

קער מענטש האָט זי פאַרכישופט און נאָר אַ שטאַרקער איי־בערבערוך האָט געקאָנט זי אָפּרייסן פון זיין מאַכט איבער איר. און אַזאַ איבערבערוך איז שנעל געקומען.

מאַריעס חתונה מיט באָטוועלן האָט געגעבן אַלע אירע קעגנער אַ שטאַרק געווער אין זייערע הענט. „מיט דעם מער־דער פון איר מאַן האָט זי חתונה געהאַט!" — האָבן געשריגן די פּראָטעסטאַנטישע לאָרדן. אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך דער חתונה האָבן די דאָזיקע לאָרדן צונויפגענומען אַן אַר־מעע, וועלכע איז געגאַנגען אויף עדינבורג, כדי אַראָפּצו־וואַרפן מאַריען פון טראָן. מאַריע סטיואַרט האָט אויך אַרויס־געשיקט איר מיליטער. דעם 15־טן נאָוועמבער 1567 האָבן זיך ביידע קעגנערישע אַרמעען געטראָפן אונטער עדינבורג. מאַריע האָט מורא געהאַט אָנצוהויבן די שלאַכט און באַ־פוילן אירע גענעראַלן זיך צוריקצוציען. דעם קעגנערס כוחות זענען געווען אַ סך גרעסערע. מאַריע האָט געזען, אַז דער טראָן איז אין געפאַר. ערשט דאָס דאָזיקע געשעעניש האָט געווירקט אויף איר, אַז זי זאָל זיך אויסניכטערן פון דער ליבע־שכרות. אויך האָט דערצו גורם געווען באָטוועלס באַ־ציאונג צו איר. דערגרייכנדיק זיינע פאַרלאַנגען, האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דער פרוי, וועלכע האָט אים אַזוי שטאַרק געליבט. ער האָט אָפט פאַרבראַנגט אין אינטימע באַציאונגען מיט עטלעכע הויפדאַמען און מאַריען אפילו אַ סך מאָל באַליידיקט. די אומגליקלעכע האָט שרעקלעך דער־פון געליטן, זי פלעגט זיך אויסרעדן דאָס האַרץ פאַר דער אַלטער דערציערין, אננאַ קענעדי. וואָס האָט אָבער די דער־ציערין געקאָנט העלפן? ס׳איז איר אפילו שווער געווען צו טרייסטן די פאַרצווייפלטע קעניגין.

דאָס אַלץ האָט געבראַנגט דערצו, אַז מאַריע האָט גע־שיקט אַ בריוו צו די אויפשטענדיקע לאָרדן, אין וועלכן זי האָט מודה געווען, אַז זי האָט שלעכט געהאַנדלט און דער־ביי געגעבן אַ פייערלעכן צוזאָג, אַז זי וועט זיך גטן מיט באָטוועלן. זי האָט אָבער איר נייעם מאַן אַזוי ליב געהאַט, אַז זי האָט דערביי געפאָדערט, אַז מ׳זאָל באָטוועלן קיין שום

שלעכטס נישט טון און מ׳זאָל אים דערלויבן צו אַנטלויפן פון לאַנד. מאַריע האָט באַקומען אַן ענטפער פון די לאָרדן, אַז זיי זענען מסכים אויף אירע פאָרשלאָגן, אָבער זיי פאָדערן, אַז דער גט מיט באָטוועלן און זיין אַנטלויפן זאָל פאָרקומען אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה. אין קעגנפאַל וועלן זיי נעמען שטורמען די שטאָט.

מאַריע האָט וועגן איר באַשלוס געמאָלדן באָטוועלן. באָטוועל איז געבליבן שטיין אַ פאַרצווייפלטער. איז דאָס מעגלעך? קאָן זי זיך מיט אים שיידן? זיינע ווערטער האָבן אין איר ווידער אויפגעפלאַמט אַ שטאַרק ליבעס־געפיל. זי איז אים געפאַלן אין די אָרעמס און זיך שטאַרק צעוויינט. קיין אַנדער אויסוועג איז אָבער נישט געווען. זי האָט זיך מיט באָטוועלן געמוזט צושיידן. ער האָט געמוזט אַנטלויפן. אין קעגנפאַל וואָלטן די אויפשטענדיקע לאָרדן נישט געשוינט זיין קאָפּ, וועלכער וואָלט געמוזט אַראָפּפאַלן פון קלאָץ. מאַריען איז אַזוי שווער געווען זיך צו שיידן מיט דעם מענטש, פאַר וועמען זי האָט אַזויפיל קרבנות געבראַכט. עטלעכע שעה האָט זי אים געהאַלזט און געקושט און אים אַרויסבאַגלייט אויפן וועג, וואָס האָט געפירט צו זיין שלאָס, פון וואַנען ער איז נאָך דעמזעלבן טאָג אַנטלאָפן קיין דענעמאַרק און געוואָרן אַ ים־רויבער.

אָבער פאַר מאַריען איז איצט אָנגעקומען די שרעקלעכסטע אַנטוישונגען אין איר לעבן. די אויפשטענדיקע לאָרדן האָבן זייער צוזאָג נישט געהאַלטן. דאָס מיליטער פון די לאָרדן האָט אַרומגערינגלט דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און מ׳האָט די קעניגין מיט געוואַלט אַרויסגעשלעפּט אין גאַס, וואו דער פאַרזאַמלטער המון האָט געשריגן: „מערדערין! פאַרשטיינט זי!“ די זעלבע האָבן פון איר גענומען חוזק און זי געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער. מאַריע האָט אַ פאַרצווייפלטע זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט און געוויינט. מ׳האָט זי געפירט אין דער שטאָטישער תפיסה. פאַר איר האָבן די זעלנער געטראָגן אַ פאָן, אויף וועלכער ס׳איז געווען אויסגעמאָלט דאַרליים פאַרבלוטיקטער

קערפּער. נעבן דעם דאָזיקן קערפּער האָט :עקניט מאַריעס זון, דער קליינער קרוינפּרינץ, און מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל געבעטן נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון זיין פאָטער. דאָס דאָזיקע בילד האָט אויף מאַריען געווירקט, ווי א שווידערלעכע וואָרנונג און זי האָט איצט דערזען פאַר זיך דעם תהום, וואָס די ליבע צו באָטוועלן האָט אָנגעגרייט פאַר איר.

מ׳האָט זי אַריינגעפירט אין דער שטאָטישער תפיסה און פאַרמאַכט אין א באַזונדערע קאַמער. זי האָט זיך אוועק־געשטעלט אין א ווינקל און תפילה געטון. דאָס איז געווען איצט איר איינציקע טרייסט. ווען מ׳האָט זי צומאָרגנס אַרויסגעפירט, כדי זי אָפּצופירן אין דער פעסטונג לאָכלע־ווען, האָט זי זיך געזעגנט צו איינעם פון די לאָרדן, וועל־כער האָט זי באַגלייט אין דער קאַרעטע, מיט פאָלגנדיקער פראַגע :

— פאַרוואָס האָט איר מיך אָפּגענאַרט ? פאַרוואָס האָט איר מיך געצוואונגען צו שיידן מיט מיין געליבטן מאַן און איצט מיך געפאַנגען ? צי האַנדלען אַזוי אַדללייט ?

דער לאָרד האָט געענטפערט מיט א קאַלטן שמייכל :

— מיר האָבן נישט געוואָלט, אַז דו זאָלסט שטאַרבן, ווי א העלדין און אַזוי אַרום ווערן באַרימט ביים פאָלק. דער מערדערין פון איר אייגענעם מאַן קומט אן אנדער שטראָף.

די פעסטונג לאָכלעווען האָט זיך געפונען אין א פאַר־וואָרפן אָרט אין שאָטלאַנד. מ׳האָט די קעניגין אַריינגעזעצט אין א פייכט צימער, וואָס איז געווען פול מיט שפּינוועבס. איר פאַרצווייפלונג איז געווען שרעקלעך,אָבער דער ביטע־רער כוס פון ליידן איז נאָך נישט געווען פול. איצט האָט מען געפאָדערט פון איר, אַז זי זאָל אָבדיקירן פון טראָן לטובת איר זון. מאַריע האָט זיך לכתחילה מיט צאָרן און פאַראַכטונג אָפּגעזאָגט אויסצופירן דעם דאָזיקן פאַרשלאָג. די לאָרדן האָבן איר דערקלערט, אַז סיי ווי סיי וועט זי פאַר־לירן דאָס רעכט אויפן טראָן, ווייל זי איז א מערדערין. מאַר־

יע האָט אָפּגעוואָרפֿן די דאָזיקע באַשולדיקונג, אָבער סוף כּל סוף האָט זי דעם אַבדיקאַציע־אַקט אונטערגעשריבן.

דעם 24־טן יולי 1567 האָט מאַריע סטיואַרט פֿאַרלוירן די רעכט אויפֿן טראָן. אַלס קעניג איז באַשטימט געוואָרן איר זון, וועלכער איז געווען מינדעריעריק. מורײ, מאַריעס ברודער איז דעריבער געוואָרן רעגענט פֿון דער מלוכה. די קעניגין איז געבליבן געפֿאַנגען אין דעם איינזאַמען, פֿאַרוואָרפֿענעם שלאָס. פֿאַר איר האָבן זיך איצט אָנגעהויבן שרעקלעכע טעג, טעג פֿון פֿיזישע און גייסטיקע יסורים. זיצנדיק אין דעם פֿייכטן שלאָס האָט זי באַקומען אַ שטאַרקן רעוומאַטיזם און נישט איינמאָל האָבן די היטערס פֿון דער פֿעסטונג געהערט קרעכצן די קעניגין פֿאַר ווייטיק און שרעקלעכע יסורים.

## די צוויי קאָנקורענטינס

די לאַגע אין דער פֿעסטונג לאָכלעווען איז פֿאַר מאַריע געווען זייער אַ שווערע. זי האָט אַפֿילו פֿאַרבּרענגט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון עטלעכע מענער און פֿרויען, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפֿונען, געלייענט ביכער און געהאָפֿט. זי איז אָבער געווען אַ געפֿאַנגענע, אָפּגעשניטן פֿון דער דרויסנדיקער וועלט. אין איר האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן אַ שטאַרק נקמה־געפֿיל, באַזונדערס קעגן איר ברודער מורײ, וועלכער האָט זיך אַרויס־געוויזן אַלס דער אייגנטלעכער איניציאַטאָר פֿון אויפֿשטאַנד קעגן דער קעניגין. מאַריע האָט דעריבער באַשלאָסן צו אַנטלויפֿן.

מיט דער הילף פֿון איר דערציערין און עטלעכע פֿרויען האָט זי צוגעגרייט פֿאָלגנדיקן פּלאַן: זי האָט זיך אָנגעטון אַלס וועשין און אַריינגעגאַנגען אין דער קוך פֿון שלאָס. קיינער האָט זי נישט דערקענט. די עטלעכע פֿרויען, וואָס האָבן געוואוסט וועגן איר פּלאַן, האָבן זי צוגעפֿירט צום טייך און געבעטן אַ שיפֿער, ער זאָל די וועשין אַריבערפֿירן אויף יענעם זייט ברעג. מאַריע האָט זיך איינגעזעצט אין שיפֿל און דער שיפֿער האָט אָנגעהויבן צו רודערן. ער האָט באַטראַכט אירע פּרעכטיקע הענט מיט די דינע, לאַנגע פֿינגער און זיך

גערוואונדערט: צי קאָן א וועשין האָבן אזעלכע הענט? ער האָט גענומען מיט איר רעדן און לויט איר שטאָלצן ענטפערן, לויט איר שפּראַך דערקענט, אַז דאָס איז אָן איבערגעטוענע פרוי, וועלכע האָט זיך פארשטעלט פאַר א וועשין. „מעגלעך, אַז דאָס איז די געפאַנגענע קעניגין מאריע סטיוארט", האָט אים א בליץ געטון א געדאַנק און ער האָט זיך נענטער גענומען צוקוקן צו איר געזיכט.

— ווי רופט מען דיך? — האָט ער געפרעגט.

— צי וואָס דאַרפסט עס וויסן? — האָט מאריע מיט א בייזן טאָן צוריקגעענטפערט.

— נו, נו, איך דאַרף עס שוין טאַקע יאָ וויסן, — האָט ער געענטפערט און אָנגעהויבן רודערן צוריק צום ברעג.

— פאַרוואָס פאָרסטו צוריק? — האָט מאריע דערשראָקן געפרעגט.

— ווייל איך וויל נישט באַצאָלן מיט מיין לעבן פאַר העלפן אַנטלויפן דער קעניגין פון שאָטלאַנד.

דער גאַנצער ענין איז אויפגעדעקט געוואָרן. מאריע איז געווען צו שטאָלץ צו לייקענען. דער שיפער האָט זי צוריק אַרויסגעזעצט אויפן ברעג.

מאריע האָט אָבער נישט פאַרלוירן די האָפענונג צו באַפרייען זיך פון דער פעסטונג. זי האָט נאָך געהאָפט צונויפצונעמען אירע געטרייע זעלנער און צוריק אָפּנעמען דעם טראָן. אין עטלעכע וואָכן אַרום נאָך דעם נישט איינגעגעבענעם פּרוּוו צו אַנטלויפן, האָט מאריע געהאַט א שמועס מיט דעם זון פון דער שלאָס-אויפזעערין, דעם פערצן יעריקן ווילי דוגלאַס. דער יונגער בחור איז געווען א שטאַרקער אָנהענגער פון דער קעניגין און שטילערהייט געווען אפילו פאַרליבט אין איר. מאריע האָט דאָס דערקענט לויט זיינע אויגן. זי האָט אים דעריבער געפרעגט, צי ער וואָלט איר נישט געקאָנט העלפן צו אַנטלויפן. יאָ, דער בחור איז גרייט געווען פאַר דער קעניגין אַלץ צו טון. ער האָט אָנגעכאַפּט איר האַנט און זי געקושט: „מאָרגן וועט איר זיין פריי!" האָט ער שטיל געזאָגט. ער האָט נאָך דעמזעלבן טאָג צוגעגנבעט די שליסלען

פון דעם פעסטונגס־טויער. ביינאכט האָט ער מאריען געבראַנגט קליידער פון א דינערין. אין דער פינסטער האָבן זיי זיך ביי־דע אַרויסגעגנבעט פון טויער, וואָס ווילי האָט אויפגעשלאָסן און אַרויס אויף דער פריי.

מאריע איז אַוועק צו דער קאַטוילישער משפחה האַמיל־טאָן. זי האָט געלאָזט רופן צו זיך אירע געטרייע גענעראַלן. במשך פון עטלעכע טעג איז צונויפגעזאַמעלט געוואָרן אַן אַר־מיִע פון עטלעכע טויזנט מאַן. דאַמאָלס האָט זי געשיקט א וואָרענונג צו איר ברודער, דעם רעגענט פון שאָטלאַנד, אַז ער זאָל פאַרלאָזן זיין אַמט אין קעגנפאַל וועט זי אַרויסטרעטן קעגן אים מיט מיליטער. מורריי האָט דעם אולטימאַטום אָפּ־געוואָרפן. צווישן ביידע צדדים האָט זיך דעריבער אָנגעהויבן אַן אָפענע מלחמה. צוליב דעם, וואָס מורריס מיליטער איז געווען גרעסער אין צאָל האָט מאַריעס אַרמעע געליטן א מפּלה. זייענדיק, אַז איר לאַגע איז געפערלעך, האָט זי אַוועקגעשריבן א בריוו צו דער ענגלישער קעניגין עליזאַבעט, וועלכע איז געווען מאַריעס א נאָענטע קרובה. אין בריוו האָט זי געשריבן אַז זי גיט זיך איבער אין עליזאַבעטס רשות און בעט ביי דער ענגלישער קעניגין הילף. פאַרבלייבן ווייטער אין שאָט־לאַנד וואָלט באַטייט אַוועקגעבן דעם קאָפּ מורריין, וועלכער וואָלט איצט אויסגענוצט די געלעגנהייט צו משפּטן די קע־ניגין פאַר דערמאָרדן איר מאַן. מאריע האָט דעריבער צוזאַ־מען מיט עטלעכע פון אירע געטרייע דינערינס געדונגען א שיפער, וועלכער האָט זיי דעם 10־טן יוני 1568 אַריבערגע־פירט אויפן טייך סאָלוויי צום ענגלישן ברעג. מאַריע האָט געוואַרט, אַז עליזאַבעט זאָל זי נעמען אונטער איר שוץ און העלפן אין קאַמף קעגן די אויפשטענדיקע לאָרדן.

אָבער דאָ איז געקומען די שרעקלעכע אַנטוישונג.

עליזאַבעט איז אַרויף אויפן טראָן אין יאָר 1558, נאָכן טויט פון דער בלוטיקער קעניגין מאַריע טודאָר. עליזאַבעט האָט קיין מאַן נישט געהאַט. דאָס איז געווען א פרוי מיט א קאַלטער, רואיקער נאַטור, א שטאָלצע און אַנטשלאָסענע. זי האָט פאַרמאָגט אין זיך א סך מענערישס און האָט אָפגע־

וואָרפֿן אַלע שדוכים, וועלכע מ׳האָט איר פֿאָרגעלייגט פֿון די אייראָפּעאישע קעניגלעכע הויפֿן, דערקלערנדיק דערביי, אַז זי וויל בלייבן אַ יונגפֿרוילעכע קעניגין. ווען עליזאַבעט האָט דערהאַלטן מאַריעס ווענדונג האָט זי זיך נישט געקאָנט דע־צידירן וואָס אָנהויבן צו טון. פֿון איין זייט האָט זי געדאַרפֿט קומען פֿאַרטיידיקן דעם טראָן פֿון איר נאָענטער קרובה. אין אירע אייגענע אינטערעסן איז געלעגן נישט צו דערלאָזן צו קיין אויפֿשטאַנד קעגן דער טראָן־הערשאַפֿט פֿון וועלכן ס׳איז לאַנד, איין קעניגין מוז פֿאַרטיידיקן אַ צווייטע; ווען אין לאַנד ברעכט אויס אַן אויפֿשטאַנד... פֿון דער צווייטער זייט אָבער האָט זי מאַריען נישט געקאָרט אונטערשטיצן, ווייל די שאָט־לענדישע קעניגין איז געווען איר גרעסטע קאָנקורענטין. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט מאַריע סטיואַרט געהאַט פּרע־טענזיעס אויפֿן ענגלישן טראָן, מאַריע סטיואַרט איז געווען פֿאַרבונדן מיט די קאַטאָליקן, וועלכע האָבן זי געוואָלט זען אויפֿן ענגלישן טראָן. דאַקעגן עליזאַבעט איז געווען אַ פּראָ־טעסטאַנטין, זי האָט געקעמפֿט קעגן דער קאַטוילישער קיר־כע, געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די זעלבע פּראָטעסטאַנטישע לאָרדן, וועלכע האָבן געמאַכט דעם אויפֿשטאַנד קעגן מאַריע. די ענגלישע קעניגין האָט דעריבער איינגעלאַדן צו זיך דעם קאַנצלער סעסיל, איר בעל־יועץ אין אַלע מלוכה־פֿראַגן און זיך מיט אים בעראַטן וואָס זי האָט צו טון.

— צי ווייסט איר מאַיעסטעט, — האָט סעסיל גע־זאָגט, — אַז איבער מאַריע סטיואַרט הענגט אַ שווערע באַ־שולדיקונג?

— איך ווייס, אָבער איך גלויב נישט, אַז מאַריע זאָל האָבן פּעיק געווען אויף אַזאַ שרעקלעכן טאַט.

עס זענען דאָ באַווייזן. דאַרליים פֿאָטער האָט נישט גע־רוט. צו אים האָט זיך געמאָלדן באָטוועלס אַ דינער, וועלכער האָט פֿון באָטוועלס שלאָפֿצימער אַרויסגעגנבעט אַ פֿאַר־מאַכט קעסטעלע מיט אַ געהיימער עפֿענונג. אין דעם דאָזיקן קעסטעלע האָט מען געפֿונען בריוו, וואָס מאַריע האָט געשריבן

צו באַטוועלן. פון די דאָזיקע בריוו איז צו זען, אַז מאַריע האָט געוואוסט וואָס באַטוועל גייט טון.

— אַלזאָ וואָס עצהט איר מיך, סעסיל ? וואָס טוט מען מיט דער דאָזיקער פרוי ?

— זי וועט שטענדיק זיין אַ געפאַר פאַר דעם טראָן פון אייער מאַיעסטעט, ווייל זי שטייט אין פאַרבינדונג מיטן קאַטוילישן שפּאַניען און אַלע פיינט פון דער אַנגליקאַנישער קירכע. אויב ס׳האָט זיך געמאַכט אַזאַ געלעגנהייט, אַז מאַריע סטיואַרט געפינט זיך אין ענגלאַנד, — האָט סעסיל געזאָגט מיט אַ נישט דרייסטער שטים, — האַלט איך דעריבער, אַז...

— איך פאַרשטיי אייך. מאַריע טאָר נישט האָבן קיין מעגלעכקייט פריי זיך צו באַוועגן ? יאָ, דאָס מיינט איר ?

סעסיל האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ און צוגעגעבן :

—אַזוי מוז עס זיין, אייער מאַיעסטעט. איך וואָלט פאַרגעלייגט מאַריען צו האַלטן אין שלאָס באָלטאָן. מיר וועלן פאַר איר דאָרטן איינאָרדנען די גרעסטע באַקוועמלעכקייטן, אָבער פריי באַוועגן זיך וועט זי נישט טאָרן.

עליזאַבעט האָט אין דער ערשטער מינוט זיך געקווענקלט, אָבער סעסילן איז געלונגען איבערצייגן, אַז מאַריע קאָן זיין געפערלעך פאַרן ענגלישן טראָן. גלייכצייטיק פאָדערן אַלע, אַז מאַריע זאָל געמשפּט ווערן פאַרן מאָרד. די געוועזענע שאָטלענדישע קעניגין מוז דעריבער געהאַלטן ווערן אין געפאַנגענשאַפט.

אויף עליזאַבעטס באַפעל איז מאַריע אָנגעפירט געוואָרן אין שלאָס באָלטאָן. ווען זי האָט זיך געפרעגט דעם אויפזעער, סער נאָללים, פאַרוואָס מ׳האָט איר אָפּגעגעבן אַ וואוינונג אין דעם דאָזיקן שלאָס, האָט ער געענטפערט :

— צי ווייסט איר נישט, אַז איר זענט געפאַנגען ?

מאַריע האָט אים אָנגעקוקט אַ בלאַסע און דערשראָקענע. זי האָט אין דער ערשטער מינוט נישט געקאָנט קיין וואָרט אויסרעדן. דערנאָך האָט זי געפרעגט :

— האָט מיר עליזאַבעט אַנשטאָט הילף און שוץ געגעבן א תפיסה־קאַמער?

— איר וועט וואוינען נישט אין קיין תפיסה, נאָר אין א שיינעם שלאָס, אָבער אַרויסגיין פון דאַנען וועט איר נישט קאָנען.

די דאָזיקע ידיעה האָט אויף מאַריען געווירקט, ווי א דונער אין מיטן העלן טאָג. אויף אַזאַ שרעקלעכן פאַרראַט מצד עליזאַבעט האָט זי זיך נישט גערעכנט. זי האָט אָנגע־שריבן א בריוו צו דער ענגלישער קעניגין. „איך גלייב נישט אַז די הערשערין פון ענגלאַנד זאָל אַזוי שרעקלעך באַהאַנדלען א קעניגין, וועלכע איז געקומען צו איר זוכן שוץ און הילף", האָט זי געשריבן, „אויב דו ווילסט מיר קיין שוץ נישט געבן, באַפריי מיך, וועל איך גיין זוכן הילף אין פראַנקרייך". עלי־זאַבעט האָט געענטפערט, אַז צוליב דער באַשולדיקונג אין מאַרד פון איינענעם מאַן, קאָן זי מאַריען נישט לאָזן פריי. פאַקטיש איז דאָס אָבער מצד דער ענגלישער קעניגין נישט געווען מער, ווי א תירוץ. זי האָט פשוט אויסגענוצט די גע־לעגנהייט, וואָס מאַריע איז געקומען זוכן שוץ אין ענגלאַנד און האָט זי באַרויבט פון פרייהייט.

מאַריע איז געבליבן זיצן אין שלאָס באָלטאָן. מ׳האָט איר דערלויבט צו האָבן נעבן זיך אירע הויפדאַמען און דינערינס און די געוועזענע שאָטלענדישע קעניגין האָט זיך אָנגעהויבן צוגעוואוינען צו איר איצטיקן גורל. עליזאַבעט האָט אָבער גע־וואָלט געפינען א באַרעכטיקונג פאַר איר האַנדלונג קעגן מאַריע. זי האָט דעריבער באַשטימט א ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע זאָלן משפּטן איר קאָנקורענטין, מוררייַ און דאַרליים פאָטער זענען ספּעציעל געקומען פון שאָטלאַנד, כדי אַרויסצו־טרעטן אַלס באַשולדיקטע קעגן מאַריען. מוררייַ האָט מיט זיך מיטגעבראַכט דאָס באַרימט געוואָרענע קעסטעלע מיט מאַר־יעס בריוו, וואָס האָט זיך געפונען ביי באָטוועלן. לויט עס שטעלן פעסט א סך היסטאָריקער זענען די דאָזיקע בריוו גע־ווען געפעלשטע און ספּעציעלע קינסטלער אין דעם פאַך האָבן

צוגעשריבן גאַנצע שורות, וועלכע האָבן מאַריען שטאַרק גע־
דאַרפט קאָמפּראָמיטירן.

ווען די געפאַנגענע קעניגין האָט זיך דערוואוסט וועגן
דעם משפּט, איז זי געוואָרן אויפגעבראַכט אויף דער דאָזיקער
האַנדלונג פון עליזאַבעטען. „די ענגלישע קעניגין האָט נישט
קיין שום רעכט מיך צו משפּטן!“ האָט זי אויסגערופן און זיך
אָפּגעזאָגט צו געבן וועלכע ס׳איז דערקלערונגען פאַר די מיט־
גלידער פון דער קאָמיסיע. נישט קוקנדיק אויף איר פּראָטעסט,
האָט די קאָמיסיע באַטראַכט די באַשולדיקונג קעגן מאַריע און
פעסטגעשטעלט, אַז עס זענען קעגן איר נישט פאַראַן קיין שום
באַווייזן. די סיבה פון דעם דאָזיקן פּסק־דין איז געווען, וואָס
דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, דער גראַף נאָרפאָלק, האָט
זיך באַלד פון ערשטן בליק פאַרליבט אין מאַריען. מיט איר
האַלטונג און רייד האָט זי אַזוי געווירקט אויף דעם דאָזיקן
גראַף, אַז ער האָט כסדר געטענהט צו די רעשט מיטגלידער
פון דער קאָמיסיע: „ס׳איז אוממעגלעך, אַז די דאָזיקע איי־
דעלע קעניגין זאָל האָבן באַגאַנגען אַזאַ שווידערלעך פאַר־
ברעכן! איר געזיכט דריקט דאָך אויס גוטסקייט און ליבע —
אַזאַ פרוי איז נישט פעיק אויף אַזאַ טאַט“. נאָרפאָלקס רייד
האָבן געווירקט. מאַריע איז באַפרייט געוואָרן פון יעדער
שולד.

מאַריע האָט זיך געווענדט צו עליזאַבעטן וועגן באַפריי־
אונג. די ענגלישע קעניגין האָט אָפּגעזאָגט. זי האָט נאָר פאַר־
בעסערט מאַריעס לאַגע דערמיט, וואָס מאַריע איז איבערגע־
פירט געוואָרן אין דעם פּרעכטיקן שלאָס פון גראַף שרוסבערי
און געקאָנט פריי אויפנעמען אַלע באַזוכער, וועלכע האָבן זיך
צו איר געמאָלדן. צווישן די דאָזיקע באַזוכער האָט זיך אויך
געפונען דער ריכטער, וואָס האָט זי געמשפּט, דער גראַף נאָר־
פאָלק. ווי נאָר עליזאַבעט האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט
זי באַפוילן נאָרפאָלקן צו אַרעסטירן. קעגן מאַריע האָט זיך
אָנגעהויבן אַ שטרענגער רעזשים. לכתחילה פלעגן מאַריען
באַזוכן אַ סך אויסלענדישע הויכגעשטעלטע לייט, וועלכע
האָבן אויסגעדריקט זייער מיטגעפיל דער געפאַנגענער קעני־

גין. איינגיכן האָט אָבער עליזאַבעט פאַרבאָטן אַלערליי באַזוכן. האָט מען גערדאַרפט אַרויסשיקן צו מאַריען אַ הויכן באַאַמטן פון ענגלישן הויף, פלעגט מען פריער וואָרענען, אַז ער זאָל נישט אַרונטערפאַלן אונטער מאַריעס איינפלוס און שיינקייט. עליזאַבעט האָט געוואוסט, אַז די מענער פאַלן שנעל אַרונטער אונטער מאַריעס איינפלוס, פאַרליבן זיך אין איר און זי האָט דעריבער געדראָט אַפילו מיט טויט־שטראָף פאַר האָבן וועלכע ס'איז באַציאונגען מיט מאַריע סטיואַרט. אין עליזאַבעט האָט זיך אויך אָנגערופן די פרוי, וועלכע האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק זיך צוקוקן צו דעם געוואַלדיקן דערפאָלג, וואָס מאַריע סטיואַרט האָט ביי מענער. איר שנאה צו מאַריען איז דעריבער געווען אַ טאָפּלטע.

## אין די נעגל פון פּראָוואָקאַציע

מאַריע סטיואַרט האָט געהאַט אַ סך אָנהענגער און פריינט סיי אין ענגלאַנד, סיי אין שאָטלאַנד. אַפילו אין אויסלאַנד האָט מען געפאָדערט מאַריען צו באַפרייען און זי צוריק אַרויפזעצן אויפן טראָן. באַזונדערס האָבן זיך פאַר איר אָנגענומען די קאַטוילישע לאָרדן פון ענגלאַנד. די צוויי באַרימטע גראַפן פון נאָרט הומבערלאַנד און וועסטמאָרעלאַנד האָבן געשיקט צו עליזאַבעטן אַ שטרענגע ווענדונג וועגן באַפרייען מאַריען. זעענדיק, אַז מאַריע האָט אַזוי פיל אָנהענגער, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געפאָדערט, אַז עליזאַבעט זאָל מאַריען דערקלערן אַלס יורשטע פון טראָן, איז די ענגלישע קעניגין נאָך פעסטער געוואָרן אין איר באַשלוס צו האַלטן מאַריען געפאַנגען. זי האָט די פאָדערונג פון די צוויי גראַפן אָפּגעוואָרפן. זיי זענען אַרויסגעטרעטן קעגן איר אין אָן אָפענעם קאַמף, האָבנדיק אויף זיי'ער זייט אַן אייגענע אַרמעע. עליזאַבעטס מיליטער האָט זיי אָבער לייכט צוקלאַפּט. די צוויי גראַפן האָבן געמוזט אַנטלויפן.

עליזאַבעטעס מיניסטער, וואַלסינגאַם איז געווען מאַריעס אַ פאַרביסענער שונא. זייענדיק אַ פאַנאַטישער פּראָטעסטאַנט האָט ער די קאַטוילישע קעניגין שרעקלעך גע־

האסט. ער האָט איבערציינגט עליזאַבעטן, צו מאַריע פאַר־
בינדט זיך מיט אַלע שונאים פון ענגלישן טראָן, אַז לויט ווי
ס׳האָבן אים דערציילט זיינע מענטשן, פירט מאַריע סטיוּאַרט
אַ געהיימע קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם שפּאַנישן קעניג וועגן
אַראָפּוואַרפן עליזאַבעטן פון טראָן. די קעניגין האָט נישט גע־
וואָלט גלויבן, אָבער וואַלסינגהאַם האָט צוגעזאָגט צוצושטעלן
באַווייז־מאַטעריאַלן.

— איך וועל שוין אייער מאַיעסטעט ברענגען די שולד־
באַווייזן, — האָט וואַלסינגהאַם דערקלערט.

וואַלסינגהאַם האָט פאַר יעדן פּרייז געזוכט אַ מעגלעכ־
קייט, כדי צו באַווייזן, אַז מאַריע וויל באַזייטיקן עליזאַבעטן
פון טראָן. צו דעם צוועק האָט ער איבערגעקויפט אַ באַאַמטן
פון דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדע און פון דאָרט אַרויסבאַ־
קומען די בריוו, וועלכע מאַריע האָט געהיימערהייט געשיקט
קיין פראַנקרייך דורך דער פּאַרמיטלונג פון דער אַמבאַסאַדע.
אָבער דערמיט אַליין האָט זיך וואַלסינגהאַם נישט באַגנוגנט.
אין די דערמאָנטע בריוו איז נישט געווען קיין שום זאַך, וואָס
זאָל קאָנען באַווייזן, אַז מאַריע האָט בדעה צו מאַכן אַן אָנ־
פאַל אויפן ענגלישן טראָן. ער האָט פאַרלייגט אַרום מאַריע אַ
ברייטע נעץ פון פּראָוואָקאַציע, געדונגען ספּעציעלע מענטשן,
וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו שפּיאָנירן די געפאַנגע־
נע קעניגין און צו לייענען אירע בריוו.

צוליב דעם, וואָס ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז
מאַריע געפינט זיך אין נאָענטע באַציאונגען מיט דעם גראַף
שרוסבערי, אין וועמענס שלאָס זי איז געווען געפאַנגען, האָט
עליזאַבעט, אויף דער בקשה פון שרוסבערים פרוי, באַפוילן
איבערצופירן מאַריען אין אַ צווייט אָרט. אין יאָר 1585 איז
מאַריע איבערגעפירט געוואָרן אין שלאָס טעטבערי. דאָס איז
געווען אַן אַלטער, פינצטערער שלאָס מיט קליינע פענסטער־
לעך און אומעטיקע גרויסע צימערן. אַלס אויפזעער איבער
מאַריען איז דאָרט באַשטימט געוואָרן דער אַכזריותדיקער,
שטרענגער אַמעי פּאָלעט, וועלכער איז געווען וואַלסינגהאַמס
טרייער דינער.

וואַלסינגהאַם האָט אָנגעהויבן צו זיין טעטיק. ער האָט זיך געווענדט צו אַן ענגלישן אָפּגעקומענעם לאָרד, וועלכער האָט זיך גענויטיקט אין געלט, אַז ער זאָל אויספירן פּאָלגנ־דיקן פּלאַן:

— איר דאַרפט ווערן זייער נאָענט מיט מאַריע, האָט וואַלסינגהאַם געזאָגט צו דעם דאָזיקן לאָרד, וועלכער האָט גע־הייסן דזשיפּפּאָרד. איר ווייסט דאָך, אַז זי האָט ליב מענער. ווען זי וועט שוין האָבן צו אייך דעם פולן צוטרוי, זאָלט איר דער־קלערן, אַז איר זענט אַ קאַטאָליק און עליזאַבעטס אַ שונא און געבן אָנצוגעהערן, אַז איר זענט גרייט עליזאַבעטן צו דער־הרגענען. איך גלויב, אַז מאַריע וועט זיך מיט פרייד אָנכאַפּן אָן דעם דאָזיקן פּלאַן. דאַמאָלס זאָלט איר פאָדערן פון איר אַן אונטערשטיצונג. זי וועט עס אייך זיכער נישט אָפּזאָגן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז דזשיפּפּאָרד געקומען אין דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדע, געוויזן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו פון אַ קאַטוילישן אַרציבּיסקופּ אין גלאַזגוי און זיך דער־קלערט פאַר מאַריעס אַ הייסער אָנהענגער. אין דער אַמבאַ־סאַדע האָט מען צו אים באַקומען צוטרוי און אים איבערגע־געבן איבערצוטראָגן די פאַרשידענע געהיימע בריוו, וועלכע זענען אָנגעקומען פאַר מאַריען פון פראַנקרייך. וועגן אינהאַלט פון יעדן בריוו האָט וואַלסינגהאַם געוואוסט נאָך פריער פאַר מאַריען. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די בריוו זענען געווען שיפרירטע האָט וועלסינגהאַמס אַ ספּעציעלער קענער דערויף, אַנטדעקט דעם שיפר און פריי געלייענט יעדן בריוו.

מאַריע האָט צו דזשיפּפּאָרדן באַקומען פולן צוטרוי. זי האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון אירע בעסטע פריינט און וועגן אַלע אירע פּלענער האָט דזשיפּפּאָרד גענוי געוואוסט. זיצנדיק איינער אַליין מיט איר אין אַ זייטיק צימער פון שלאָס, האָט דזשיפּפּאָרד אָנגעהויבן צו רעדן וועגן עליזאַבעט מיט שוים אויף די ליפּן. „די קאַטוילישע וועלט דאַרף זיך אין איר נוקם זיין!“ האָט ער דערקלערט. מאַריע האָט געשוויגן. זי האָט אין האַרצן שרעקלעך פיינט געקריגן די דאָזיקע פרוי, וועלכע האָט זי באַרויבט פון פרייהייט, וועלכע האָט זי אַזוי

שענדלעך אָפּגענאַרט. איר איז אָבער שווער געווען אָפּן וועגן דעם צו רעדן אַפילו מיט דזשיפּפּאָרדן. ער האָט אָבער געדעדט מיט אַזאַ באַגייסטערונג, אַז מאַריע האָט סוף כּל סוף אַ זאָג געטון:

— יאָ, עליזאַבעט איז אַ שלעכטע הערשערין, אָבער ווער וועט האָבן די דרייסטקייט אויפצוהייבן אויף איר אַ האַנט?

דזשיפּפּאָרדס אויגן האָבן אויפגעלויכטן. ער האָט זיך אומגעקוקט און שטילערהייט אַ זאָג געטון:

— ס'איז דאָ איינער, וועלכער איז גרייט אויסצופירן דעם אַטענטאַט. דאָס איז באַבינגטאָן. ער איז אַ הייסער קאַ־טאָליק און וויל איינשטעלן זיין לעבן.

באַבינגטאָן איז געווען עליזאַבעטס אַ פאַנאַטישער קעג־נער. ער האָט ליב געהאַט מאַריען און האָט זי צוריק געוואָלט זען אויפן טראָן. דזשיפּאָרד האָט אים צוגעגעבן מוט און דער־קלערט, אַז מאַריע איז גערייט צו שטיצן דעם אַטענטאַט אויף דער ענגלישער קעניגין און אים געהייסן אָנשרייבן וועגן דעם ענין אַ בריוו צו מאַריען. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מאַריע באַקומען אַ בריוו פון באַבינגטאָנען, אַז ער איז גליקלעך, וואָס אים וועט אויסקומען צו באַפרייען מאַריען, דערהרגנדיק די ענגלישע קעניגין. ער האָט אין בריוו אָנגעגעבן אַ גענויען פּלאַן ווי אַזוי אויסצופירן דעם אַטענטאַט. דער דאָזיקער בריוו איז באַלד געווען אין די הענט פון וואַלסינגהאַמען. דער מי־ניסטער האָט געטאַנצט פאַר פרייד. ער האָט באַפוילן אָפּצו־שרייבן אַ קאָפּיע און דערקלערט, רייבנדיק זיך די הענט פאַר פרייד:

— מיר האָבן זי געפּאַקט, אָבער וואַרט נאָך צו. מ'דאַרף עליזאַבעטן צושטעלן אַזויפיל באַווייז־מאַטעריאַל, אַז זי זאָל אויף קיין מינוט נישט צווייפלען אין מאַריעס שולד.

די קייט פון פּראָוואָקאַציע, וואָס מ'האָט פאַרלייגט אַרום מאַריעס האַלז איז געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער. אין עט־לעכע טעג אַרום האָט מאַריע געענטפערט באַבינגטאָנען:

זי האָט געשריבן, אַז זי איז פול מיט פרייד צוליב דעם, וואָס דאַרף געשען. וועגן וואָס עס האַנדלט זיך האָט זי נישט

געשריבן. אָבער אין דער קאָפּיע פון בריוו האָט וואַלסינגהאַם צוגעשריבן אַ זאַץ: „איך פריי מיך, וואָס עליזאַבעט וועט אינ־גיכן זיין טויט. ענדלעך וועט שוין נעמען אַ סוף צו מיינע יסורים"...

דער פוילער באַווייז קעגן מאַריען איז שוין געווען פאַר־טיק, מ׳האָט געדאַרפט דעם ענין אויפדעקן. איינמאָל האָט דער אויפזעער פאָלעט פאַרגעלייגט מאַריען צו מאַכן אַ יאַגד אויף הירשן אין דער געגנט פון שלאָס שאַרטליין. מאַריע האָט מסכים געווען, ווייל זי האָט זייער ליב געהאַט צו גיין אויף יאַגד. אין דער געזעלשאַפט פון אירע דינער,ביידע סעקרע־טאַרן און דעם אויפזעער איז זי אַוועק אין וואַלד. געפינענדיק זיך שוין נאָענט פון דער יאַגד, האָבן זיך פון דערווייטנס באַ־וויזן עטלעכע רייטער מיט דעם הויכן מלוכה־באַאַמטן סער טאָמאַס דזשאָרדזש אין דער שפּיץ. ער האָט זיך דערנענטערט צו מאַריען און דערקלערט מיט אַ שאַרפער שטים:

— ס׳איז אַנטדעקט געוואָרן אַ מיאוס פאַרברעכן. אַ גרופּע אויסוואָורפן האָבן זיך געגרייט צו מאַכן אַן אָנפאַל אויפן לעבן פון איר מאַיעסטעט דער קעניגין פון ענגלאַנד. עטלעכע אָנטיילנעמער פון דעם דאָזיקן פאַרברעכן געפינען זיך צווישן דיר. איך אַרעסטיר זיי. — האָט ער באַפוילן צו נעמען מאַריעס ביידע סעקרעטאַרן, — און איצט געוועזענע קעניגין, זיי וויסן, אַז אויך איבער דיין קאָפּ הענגט די דאָזיקע באַשולדיקונג. מיר האָבן באַוויזן, אַז דו האָסט אין אַלעם מיט־געהאָלפן די דאָזיקע פאַרברעכער. די שטראָף פון געזעץ וועט דיך אויך נישט מיידן.

מאַריע איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן. זי האָט זיך באַ־הערשט און דערקלערט, אַז זי האָט נישט קיין שום שייכות צו דעם געפּלאַנטן אַטענטאַט. סער דזשאָרדזש האָט גאָרנישט געענטפערט און תיכף אַוועקגעפירט די אַרעסטירטע סעקרע־טאַרן, וועלכע זענען צוזאַמען מיט באַבינגטאָנען דערנאָך גע־קעפּט געוואָרן.

פאַרשטייט זיך, אַז מאַריע האָט שוין איצט נישט געהאַט קיין קאָפּ צו דער יאַגד און האָט געהייסן מ׳זאָל צוריקפאָרן.

זי האָט אָבער באַמערקט, אַז פּאַלעט חייסט פֿאָרן אין אַן אַנ־דער ריכטונג. זי האָט געפֿרעגט וואָוהין מ׳פֿירט זי. „אין אַן אַנדער שלאָס“, איז געווען דער ענטפֿער. די זעלבע נאַכט האָט מען זי אַוועקגעפֿירט אין שלאָס טיקסאַל און איינגעזעצט אין אַן אָפּגעזונדערט צימער. אין שערטליי, וואו זי האָט זיך פֿריִ־ער געפֿונען האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע, צוגענומען אַלע אי־רע בריוו, דאָקומענטן, צירונג און עס איבערגעשיקט צו וואַל־סינגהאַמען. דער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן מאַריען איז שוין צוגעגרייט געוואָרן. וואַלסינגהאַם האָט זיינס דערגרייכט. איצט האָט מען געדאַרפֿט איבערצייגן עליזאַבעט, אַז מאַריע האָט זיך געגרייט אויף איר לעבן.

וואַלסינגהאַם און דער מלוכה־סעקרעטאַר דייוויסאָן זע־נען אויפֿגענומען געוואָרן דורך עליזאַבעט, וועלכע האָט גע־פֿאָדערט גענויע ידיעות וועגן צוגעגרייטן אַטענטאַט. וואַל־סינגהאַם האָט געוויזן דער קעניגין די אַלע דאָקומענטן, וועל־כע זענען איבערגעכאַפּט געוואָרן אָדער אַליין געשאַפֿן געוואָרן דורך זיינע פּראָוואָקאַטאָרן. עליזאַבעט האָט דערקלערט:

— אויב אַזוי, טאָ זאָל זיך דאָס געריכט אַרויסזאָגן וואָס פֿאַר אַ שטראָף דער דאָזיקער פֿרוי קומט.

אין אָקטאָבער 1586 האָט מען מאַריען איבערגעפֿירט אין דעם שלאָס פֿאָרטרינגיי וואו ס׳האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען דער פּראָצעס.

אין געריכט האָט זיך מאַריע געהאַלטן זייער שטאָלץ און געפֿאָדערט, אַז מ׳זאָל איר ווייזן די אָריגינאַלן פֿון די בריוו, וועלכע באַבינגטאָן האָט צו איר געשיקט. דאָס געריכט האָט געהאַט אין זיין באַזיץ בלויז די קאָפּיעס. מאַריע האָט געפֿאָ־דערט פֿון געריכט, אַז מ׳זאָל אויסהערן דאָס עדות זאָגן פֿון אירעביידע סעקרעטאָרן און פֿון באַבינגטאָנען. דאָס געריכט האָט איר בקשה נישט געקאָנט צוליב טון, ווייל די דערמאָנטע מענטשן האָבן שוין נישט געלעבט. לסוף האָט מאַריע דער־קלערט מיט אַ געהויבענער שטים:

— איך בין אַ קעניגין און די טאָכטער פֿון אַ קעניג, איך בין אַ פֿרעמדע אין דעם דאָזיקן לאַנד, איך בין געקומען אַהער

נאָך שוין אין הילף, האָט די פּחדנותדיקע עליזאַבעט פאַר מיר מורא באַקומען און מיך ניינצן יאָר געהאַלטן געפאַנגען אין פאַרשידענע שלעסער פון לאַנד. איצט האָט זי פאַרלייגט אויף מיר אַ נעץ פון פאַרראַט און וויל מיין קאָפּ. קיין שום גערעכטיקייט, קיין ערלעך געזעץ וועט איר מיין קאָפּ נישט געבן. אויב זי וויל אים נעמען מיט געמיינקייט און שווינדל, אויב זי וויל אָפּנאַרן די ריכטער — וועט עס איר געלונגען. זי האָט מיך נישט קיין רעכט צו משפּטן, ווייל איך בין אַ קעניגין פון אַ פרעמדער מלוכה.

אירע ווערטער האָבן איבערגעלאָזט אויף אַלעמען אַ שטאַרקן איינדרוק, דאָס געריכט האָט אָבער געמוזט האַנדלען לויט דעם ווילן פון וואַלסינגהאַם. מיט אַ רואיק, האַלב שמייכלענדיק געזיכט האָט מאַריע אויסגעהערט דעם טויט־אורטייל. „איך גרייט מיך דערצו“, האָט מאַריע דערקלערט פאַר אירע פריינט. דער סעקרעטאַר פון געריכט האָט איר געמאָלדן, אַז דער אורטייל וועט ווערן אויסגעפירט אין דעם זעלבן שלאָס פאָרטרינגיי. מאַריע האָט אויך די דאָזיקע דערקלערונג רואיק אויסגעהערט. באַוואָפנטע סאָלדאַטן האָבן זי אַוועקגעפירט אין אַ זייטיק צימער פון שלאָס, וואו מאַריע האָט געוואַרט אויף דער עקזעקוציע.

## דער קאָפּ אויפן הענקער־קלאָץ

דעם טויט־אורטייל האָט געדאַרפט באַשטעטיקן די קעניגין. דייוויסאָן איז געקומען מיט אורטייל און געבעטן, אַז עליזאַבעט זאָל אונטערשרייבן.

— צי קאָן מען נישט אָפּוואַרטן מיטן אויספירן דעם אורטייל? — האָט זי געפרעגט. אין אויסלאַנד איז אַ שטורעם. די קאַטוילישע לענדער פּראָטעסטירן. האַלט אויף די עקזעקוציע.

— אָבער דאָס פאָלק פון ענגלאַנד פאָדערט מאַריעס קאָפּ, — האָט דייוויסאָן דערקלערט, — דאָס פאָלק איז שרעקלעך אויפגעבראַכט, וואָס מ'פירט נישט אויס דעם אורטייל.

עליזאַבעט האָט זיך אַ רגע פאַרטראַכט. זי האָט נישט

נעוואַלט, אַז אין די אייראָפּעאישע לענדער זאָל מען זי באַ־שולדיקן אין באַשטעטיקן דעם טויט־אורטייל. זי האָט זיך דע־ריבער שטאַרק געקווענקלט און געזאָגט מיט אַ שטילער שטים:
— דייוויסאָן, צי קאָן מען נישט מאַכן אַזוי, אַז די עקזעקוציע זאָל זיין איבעריק?
דער סעקרעטאַר האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט און דערקלערט, אַז ער וועט איבעררעדן מיט פּאָלעטן וועגן אויס־פירן דער קעניגינס וואונטש.
— דער וועלט זאָל מען מעלדן, אַז זי איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, — האָט עליזאַבעט צוגעגעבן.
אויב פּאָלעט וועט עס גרייט זיין צו טון, וועל איך אים צושטעלן אַ סם, וואָס ווירקט ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, — האָט דייוויסאָן דערקלערט.
אָבער פּאָלעט האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון, אויך וואַל־סינגהאַם איז געווען קעגן דעם. ער האָט דורכאויס געוואָלט, אַז מאַריע זאָל עפנטלעך געקעפּט ווערן, זי זאָל עפנטלעך אָני־דערלייגן איר קאָפּ אויפן הענקער־קלאָץ.
עליזאַבעט איז אַריינגעפאַלן אין גרויס גרימצאָרן. זי האָט דורכאויס געפאָדערט, אַז מ׳זאָל מאַריען אָפּסמען. קיי־נער האָט אָבער נישט געוואָלט זיך אונטערנעמען אויסצו־פירן די דאָזיקע שרעקלעכע זאַך. עליזאַבעט האָט נישט גע־האַט קיין ברירה און אונטערגעשריבן דעם טויט־אורטייל.
דעם 8־טן פעברואַר 1587 זעקס אַ זייגער אינדערפרי זע־נען צו מאַריען אין צימער אַריינגעקומען צוויי דינער פון גע־ריכט און געמאָלדן, אַז זי זאָל זיין גרייט צו דער עקזעקוציע. מאַריע האָט אויסהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, קיין ציטער נישט געטון מיט קיין אבר. זי איז באַהערשט געוואָרן פון אַ פולשטענדיקער רעזיגנאַציע. אין איר צימער זענען אַריינגעקו־מען עטלעכע דינערינס צוזאַמען מיט אננאַ קענעדי. די אַל־טע דערציערין האָט געוויינט, אָבער מאַריע האָט זי באַרואיקט און געטרייסט. „איך וועל מיך היינט אָנטון אין מיינע שענ־סטע קליידער!“ האָט זי געזאָגט צו די דינערינס. זי האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ רויט קאַרמאַזין־סאַמעטן קלייד מיט

באַפּוצונגען פון שוואַרצן אַטלאַס. אויפן קלייד האָט זי אַרויפ־געוואָרפן אַ מאַנטל פון רויטן אַטלאַס, וועלכער איז געווען באַ־נייט מיט סויבל־פוטער. איבערן מאַנטל האָט אַרויסגעקוקט דער הויכער, ווייסער קאָלנער. אויפן קאָפּ האָט זי אָנגעטון אַ ווייסן שלייער, וועלכער האָט דערגרייכט ביז צו די פוס טריט. נישט קוקנדיק אויף אירע פינף און פערציק יאָר, אויף די רעוומאַטישע ליידן און אינערלעכער געבראָכנקייט, האָט זי אויסגעזען אַזוי שיין, אַז דער תּליון האָט אויפגעציטערט און שטיל געזאָגט צו זיין געהילף:

— ווי אַזוי וועל איך קאָנען אָפּהאַקן דעם קאָפּ פון אַזאַ שיינקייט? גאָט העלף מיר!

דער זאַל, וואו די עקזעקוציע האָט געדאַרפט פאָרקומען האָט זיך געפונען אין דעם אונטערשטן טייל פון שלאָס. די ווענט פון דעם דאָזיקן זאַל זענען געווען איבערגעשלאָגן מיט שוואַרצער קרעפּע. אַלץ, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען איז גע־ווען באַדעקט מיט שוואַרץ געוואַנד. אין מיטן זאַל איז גע־שטאַנען אַ גרויסער, קיילעכדיקער קלאָץ באַדעקט מיט אַ שוואַרץ טוך. אויך די תּלינים זענען געווען געקליידט אין שוואַרצן סאַמעט מיט שוואַרצע הענטשקעס. אין דעם איבע־ריקן טייל זאַל זענען געשטאַנען לאַנגע בענק אויף וועלכע עס זענען געזעסן ביז צוויי הונדערט לאָרדן, וועלכע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער עקזעקוציע.

מאַריע סטיואַרט איז אַריינגעקומען אין באַגלייטונג פון אַננאַ קענעדי. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל און אים איבערגעגעבן די דערציערין, בלייבנדיק שטיין אין דעם שאַרלאַך־רויטן קלייד. אַננאַ קענעדי האָט גענומען אַ טיכל פון רויטן זיידנס און צוגעבונדן מאַריע די אויגן. דערנאָך האָט זי איר האַרין צוגעפירט צום הענקער־קלאָץ. מאַריע האָט אַנידערגעקניט און אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויפן שוואַרצן גע־וואַנד פון קלאָץ. אַ טויט־שטילקייט האָט געהערשט אין זאַל. אַלע האָבן געקוקט אויף מאַריעס שיינעם קאָפּ האָר, וועלכער האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויפן שוואַרצן פאָן פון קלאָץ. דער קאָפּ האָט קיין ציטער נישט געטון, קיין מוסקול האָט קיין צאַפּל

נישט געטון. דער הענקער האָט אויפגעהויבן די האַק און איי־
דער ער האָט זי אַראָפּגעלאָזט, האָט ער לויט די דאַמאָלסדיקע
מנהגים, געבעטן ביים קרבן פאַרגעבונג. ער האָט די האַק גע־
האַלטן לענגער, ווי געוויינלעך, אַלע האָבן באַמערקט, ווי זיי־
נע הענט ציטערן. אַט האָט די האַק זיך שווער אַראָפּגעלאָזט
און געטראָפן אָן מאַריעס פּלייצע. ס'האָט אַ שפּריץ געטון
בלוט, אָבער מאַריע איז געווען בלויז פאַרוואונדעט. אַ לייכטער
קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר מויל. דער תליון האָט
געגעבן נאָך צוויי זעץ. דער קאָפּ פון מאַריע סטיואַרט איז
אַראָפּגעפאַלן אויף דר'ערד...

דאַמאָלס האָט דער תליון אָנגענומען דעם פאַרבלו־
טיקטן קאָפּ, אים הויך אויפגעהויבן און אויסגעשריגן.

— גאָט זאָל שיצן די קעניגין עליזאַבעט!

דערנאָך האָט דער תליון איבער דער רעשט טייל פון
קערפּער אַרויפגעוואָרפן אַ שוואַרץ טוך. די לאָרדן האָבן זיך
אויפגעשטעלט פון זייערע ערטער. אננאַ קענעדי איז געשטאַ־
נען אין אַ ווינקל פון צימער און באַטראַכט דעם אָפּגעהאַקטן
קאָפּ פון איר האַרין, וועלכע זי האָט נאָך געטראָגן אַלס קינד
אויף אירע הענט. זי איז צוגעגאַנגען און אַ קוש געטון דעם
טויטן קאָפּ אין די ליפּן...

דער לעבנסוועג פון טראָן צו דער תליה איז געווען גע־
ענדיקט.

---

**Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.**

„GROSZEN-BIBLJOTEK", Nr. 25.

Adres red. i adm.: Warszawa, Wspólna 5, m. 6.

Skrz. poczt. Nr. 178. P. K. O. Nr. 21.667.

## שוין דערשינען:



יכער 1.80

P. I